## LENDING LIBRARY RULES·

1. Books are issued from 10 a.m. till 10 p.m. daily.
2. Books must be kept clean and pages must not be torn. In case of damage, the full value of the book will be charged according to price in catalogue.
3. An extra charge will be made on books which are kept longer than three days. This does not apply to Monthly Subscribers.
4. No books will be issued unless those that have been borrowed previously have been returned.
5. Subscribers must give their correct names & addresses. In case of removal, change of address must be notified at once.
6. To withdraw deposit, the ticket must be presented.
7. No Books issued and no business whatever transacted on Sabbaths and Festivals.

## רולס.

1. ביכער ווערען ארויסגעגעבען פון 10 אין דער פריה ביז 10 ביי נאכט טעגליך.
2. א בוך מוז מען האלטען ריין און ניט צורייסען קיין בלעטער, און ווען מען מאכט איין שאָדען מוז מען בעצאָהלען פיר דעם בוך לויט קאטאלאָג פרייז.
3. ווען מען האלט א בוך לענגער וויא דריי טעג מוז מען צאָהלען עקסטרא, אויסער די וואָס לעזען מאָנאטליך קענען האלטען לענגער.
4. ווען מען האלט אין לעזען ביכער און מען וויל האָבען אנדערע, מוז מען אָפּ ברענגען די וואָס מען האָט גענומען בעפאָר,
5. דער וואָס נעהמט ביכער צום לעזען מוז אנגעבען זיין ריכטיגען נאָמען מיט דעם אדרעס, און ווען ער מופט, מוז ער מעלדען דעם נייעם אדרעס.
6. דער וואָס נעהמט ביכער צום לעזען מוז געבען דעפאָזיט, און ווען ער ברויכט צוריק דעם דעפאָזיט, מוז ער געבען צוריק דעם טיקעט.
7. שבת און יום טוב ווירד קיינע ביכער א־ויסגעגעבען און קיינע ביזנעס געמאכט.

לעזט מיט קאפ און געדיינקט
דער איינציגער פלאטץ וואו מען בעקומט **אללעס**, און **בילליגער**
ווי איבעראל איז נור ביי:

# מאזיז עט קאמפאני. לימיטעד,

**141**, ווייטשעפעל רויד, געגען וואונדערלאנד.

## דרוקעריי,

פיר ענגליש, אידיש און אללע איראפעאישע שפראכען.

דרוקט
וויזיט,—ביזנעס—
— און —
חתונה קארדס,
מעמאראנדומס,
אינוואיסעס א.ז.וו.
פיינע אויסארבייטונג פון שנה טובה'ס (ווינשקארטען).

פיר גוט שנעל און בילליג, גאראנטירען מיר.

## אונזער לעזעביבליאטהעק.

בעזיצט א רייכען אויסוואהל פון דיא בעסטע ראמאנטישע, בעלעטריסטישע און וויססענשאפטליכע ווערקע, וואס זיינען ערשיענען אין ערשיינען אין פערשיעדענע שפראכען, אין איבערהויפט אין העברעאיש, אידיש, ענגליש, דייטש א. ז. וו.

א גרויסער אויסוואהל פון
אללערהאנד
שרייב מאטעריאל'ן
פיר פריוואט און געשעפטס געברויך.

## בוכהאנדלונג,

ספרי תורה
מגלות
תפילין
מזוזות
טליתים
ארבע כנפות'ן
ציצית
פרוכת'ן
מענטעלעך
טלית בעגס
תפילין בעגס
ש"ס'ן ואלפס'ן
משניות'ן
מדרשים
עין יעקב'ס
שו"ת ופוסקים
שולחן ערוך'ס
חיי אדם'ס
דרשות לבר מצוה
אלף בית'ן
סידורים
חומשים
תנ"ך
מחזורים
שופרות
אתרוגים
ספרי דרוש
ספרי פלפול
ספרי מוסר
ספרי מחקר
ספרי השכלה
ספרי חנוך ולמוד
מלונים
ספרי מכתבים
ספורי מעשיות
רומנים
ביאגרפיות
עתונים
מאספים
שירים ותוי זמרה
תמונות
מפות א"י

ראמאנען
עדצעהלונגען
צייטונגען
צייט-שריפטען
מאנאט בלעטער
וויטצען-ביכער
לעהרמעניהא-דען
ווערטער-ביכער
בריפפענ-שטעללער

ליעדער
מוזיק-נאטען
בילדער
יאהרצייטען
מזרחים
תנאים'ס
כתובות
שיר למעלות'ן
א"י קמיעות
שנה טובה'ס
פאהנען פיר שמחת תורה
חנוכה לאמפען
הגדות
סדר דעקלעך
חלה דעקלעך
הבדלות
אגזיכטס פאסט-קארטען
טינט, פענעס
פייפער
שרייב ביכער
בילס פיר:
הייזער, רומס, לאדזעס
א. ז. וו.

לאטטאס
דאמינאס
שפיעל קארטען
שאך, דראפטס
א. ז. וו.

## בוכבינדעריי,

מיר נעהמען אנאיינצובינדען אללער האנד ספרים און ביכער אין פערשיעדענע בענדער.

פיר צופריעדענהייט גאראנטירט.

## התימות,

מיר נעהמען אן ארדערס צו מאכען אללערהאנד קויטשוק, ראבער און מעטאל סטעמפס.

א גרויסער אויסוואהל פון שעהנע און פאסענדע

## פרעזענטען,

צוא איין געבורטסטאג, בר מצוה, חתונה א.ז.וו.
פון נייעסטע עלעגאנטע ארץ ישראל

## אלבומען,

פערשיעדענע א"י ארטיקלען געשניצטע פון עצי זית. אויך פיעלע ספרים מיט ענגלישע איבערזעטצונג,
עקסטרא פיין געבונדען אין פענסי בענדער.

אללערהאנד
עמבראידערי
פיר סאסייטיס, חברות, שוהלען א. ז. וו.

פערלאנגט אונזערע קאטאלאגען וועלכע ווערדען געגעבען אדער געשיקט אויף פאסט **אומזאנסט.**






ב. יאושזאָהן.

# אויף דער פרישער לופט.

(צו לייענען פאר יעדען, וואָס זיצט אויף דאַטשע, ליעגט אין אַ האַמאַק און פאַשעט דעם חומר).



פערלאַג

„א. גיטלינ'ס פאָלקס-ביבליאָטעק".

וואַרשא — תרע"ב.

# אינהאַלט:





# די טויערן פון גן־עדן התחתון.

## (אַ מין הקדמה).

פיער טויערן, פיער הויפט־מקומות זענען אָנגעגרייט אויף דער נאַדוויסליאַנער ליניע, פאַר די קונדסים פון גן עדן התחתון, אויף צו געניסען פונ'ם זומער־לעב, אויף צו שטיפען און לאַכען און נהנה זיין פון גאָטס וועלט. יעדעס מקום האָט זיך זיינע מעלות, זיינע מנהגים, זיין לעבענסאַרטיגקייט און זיינע קאַפּריזען. אָט, למשל, איז אַ קורצע כאַראַקטעריסטיק:

---

## אָטוואָצק.

---

אין אָטוואָצק וועט איהר נישט געפונען דאָס לעבעדיגקייט, דאָס אויפגעמונטערטקייט וואָס אין די אַנדערע דאַטשעערטער, וועלכע ליגען אויף דערזעלבער ליניע.

זיצט איהר אַ צוויי שעה אין אָטוואָצק, אַזוי דאַכט זיך אייך, דאָס איהר געפינט זיך אין עפּעס אַ גרויסען לאַזאַרעט מיט מסוכן־קראַנקע שאָטענס פון מענשען.

אַז ס'ווילט זיך „אַנ'אָטוואָצקער" פערווײַלען, פערברענגען אַ ביסעל „לעבעדיג" עטליכע שעה, דאַן פאָהרט ער זיך אַריבער,

מיט דער באַהן, אָדער מיט אַ ברישטשקע, קיין סווידער, קיין יוזעפאָוו, קיין פאַלעניצע.

אין אָטוואָצק איז אָדער מען הוסט, אָדער מען רעדט פון הוסטען.

גאַנץ אָטוואָצק האָט אַ פּנים ווי עפּעס איין גרויס ריזיג האַרץ אָהן אַ לונג...

און, אַז איהר זיצט שפּעט בייַנאַכט ביים פענסטער, ווען אַרום און אַרום הערשט אַ שטילקייט, אַזוי הערט איהר ווי גאַנץ אָטוואָצק פון איין עק ביז׳ן צווייטען — כאָרכעלט מיט׳ן האַרץ...

פאַלט אַריין אַ „געזונדטער״ קיין אָטוואָצק, אַזוי פיהלט ער זיך זעהר אונבעקוועם, נישטאָ וואו צו פערברענגען, סיידען זעץ דיך אַוועק צווישען אַ רעדעל קראַנקע און שטודיר אויפמערקזאַם די הוסט־מעלאָדיעס און זייערע פערשידענאַרטיגע „קאָמפּאָזיציעס״.

וחוץ לזה, אויב דו ווילסט נישט האָבען דאָרט אַ פּנים ווי עפּעס אַ דאַרמאָיעדניק, אַ לעדיג־געהער, אַ פרישער און גע־זונדטער מענש, וואָס נעהמט און זעצט זיך עפּעס פלוצים אַוועק אין אָטוואָצק, — מוזט דו זיך אָנטשעפּען עפּעס אַ קרענק און ענטפערן יעדען, אויף וואָס „דו ליידסט״...

„ראַטשעוועץ״ אין אָטוואָצק און נישט „ליידען״ אויף עפּעס — דאָס קענען אָטוואָצקער קראַנקע גאָרנישט משיג זיין.

זיץ איך מיר אַנומעלט ביי׳ם אָטוואָצקער וואָקזאַל און רוי־כער אַ פּאַפּיראָס.

פאַרביי מיר געהט אַ בלאַסער קראַנקער יוד און שטעלט זיך אָב.

— זאָגט נאָר, יונגער מאַן — ווענדעט ער זיך צו מיר מיט עפּעס אַ שטיקעל כעס — דער דאָקטאָר האָט אייך דען ערלויבט צו רויכערן?

— כ׳האָב נאָך וועגען דעם קיינמאָל נישט געפרעגט קיין דאָקטאָר.

און אַז דער יוד גלאָצט אויף מיר אויס נאָך מעהר די אויגען, ערקלער איך איהם:

— איהר האָט אַ טעות, ר׳ יוד! כ׳בין, ברוך השם, אַ געזונדטער...

— אַ געזונדטער?... האָט־זשע נישט פעראיבעל, וואָס דען זיצט איהר אין אָטוואָצק?...

און כ׳האָב געפיהלט בחוש, דאָס איך בין דערמיט ביי׳ם קראַנקען יוד שטאַרק, זעהר שטאַרק אַראָבגעפאַלען...

# סווידער.

דערפאַר, זעהט איהר, ווען איהר חאַפּט זיך אַרויס פון דעם „קראַנקען" אָטוואָצק און טהוט זיך אַ לאָז אַראָב אויף די אַנדערע נאָהענטע דאַטשע־ערטער, טרעפט איהר שוין גאָר אַנ׳אַנדער לעבען.

דאָרט — „לעבט" זיך אויף אַנ׳אמת!

אין אָטוואָצק — הוסט מען, און אין סווידער, למשל, — קושט מען זיך.

די סווידער׳ער „קושען" האָבען אַ שם...

סווידער — דאָס איז כמעט אַ ספּעציעל אָרט פאַר די „אינטעליגענץ־יוגענד".

דאָס רוב — פאַר שילער און שילערינס אין די וואַקאַציע־צייט.

פעהלען פעהלען דאָרט אויך נישט קיין סתם יונגע־לייט און פריילינס, צובאַלעוועטע קינדער פון רייכע עלטערען, וואָס קומען אַראָב אויף זומער — אַ לעב טהון.

פאַר עטליכע יאָהרען צוריק, אין דער עפּאָכע פון „שטורם און קאַמפּף", האָט דאָרט די דאָזיגע „יוגענד" גאָר אין עפּעס אַנדערש עוסק געווען.

דאַמאָלס, ווען ס׳איז געקומען זומער־צייט, האָט סווידער געשוועבעלט פון דער גרויסער מחנה בחורים אין קאָליערטע

העמדלעך. און מײדלעך אין „קורצע, האָהר".

די לעצטע עטליכע יאָהרען אָבער האָט סווידער געקריגען אַ ניטקעל ישוב-הדעת.

און זי איז געקומען צום שכל.

יענע עסקים האָט מען שוין דאָרט לאַנג נישט אין זינען.

איצט איז סווידער'ער יוגענד שטאַרק פער'עוסק'ט אין „ליעבע".

און נישט אַזוי אין „ליעבע" — ווי אין קושען זיך.

ס'קושען זיך בחורים מיט מײדלעך און בחורים מיט ווײבלעך.

ס'קושען זיך מענער מיט מײדלעך און מענער מיט ווײבלעך.

און אַ גאַנצע טאָג טרעפט איהר דאָרט אַרומשפּאַצירען געאַרעמטע „פּאָרליך", וואָס זינגען און שטיפּען און לאַכען, לאַכען... אויף וואָס די וועלט שטעהט!

דער עיקר חיות אָבער איז פאַרנאַכט.

בין השמשות צײַט, ווען אַרום און אַרום איז טונקעל, די לופט איז רײן און שמעקט מחיה'דיג, און עס צוגיסט זיך די פּאָעטישע שטימונג, לאָזען זיך די „געאַרעמטע" אַוועק אין די וועלדער צווישען די געדיכטע בוימער — און דאַן „ליעבט" מען זיך, מען שושקעט זיך, און מען קושט זיך...

און ווען איהר ווילט זײַן אַ בעלן אַוועקצושטעלען זיך, אין אַ טונקעלען בין-השמשות, צווישען אָטוואָצק און סווידער און זיך גוט אײַנהערען צו דער בעוועגונג פון נאַכט-שטילקײט — דאַן וועט גרײכען צו אײַערע אויערן: פון אײן זײַט — ווי אָטוואָצק הוסט, און פון דער צווײטער זײַט — סווידער קושט...

---

# יוזעפאָוו.

---

יעדער דאַטשע מיט איהרע מעלות. און יוזעפאָוו — מיט איהרע „קערטלעך".

דעם אמת גערעדט, האָט זיך אפילו קיין שום דאַטשע־אָרט נישט צו שעמען אין הלכות „קאָרטען־שפּיעל". אדרבה, ברוך השם, קען מען גאַנץ גרינג געפינען אַ קאָמפּאַניע.

ווייל מען האַפּט אָבער אַ קערטיל ווי געהעריג איז, מיט'ן רעכטען קנאַק! — ווי די דאַטשניקעס זאָגען — דאַן מוז מען זיך מטריח זיין און אַראָבהאַפּען זיך קיין יוזעפאָוו.

קומט דער ליעבער זומער־פּאַרנאַכט, אַזוי הויבט זיך אָן אַ מאַסען־שפּאַציער, אויף די צוגען פון די ליעטניקעס, וואָס וואָהנען אויף די אַרומיגע דאַטשעס.

די אינטעליגענטע און אויסגעפּוצטע פרויען — פאָהרען אַוועק „פּערוויילען" זיך אויף עטליכע שעה אין פּאַלעניצע.

דאָס יונגוואַרג — קיין סווידער...

און די עלטערע — קיין יוזעפאָוו, האַפּען אַ קערטעל.

פּונקט, להבדיל, ווי אין אָטוואָצק רעדט מען גאַנצע טעג פון „קרענק מיט סוחאָטע". און פּונקט, להבדיל, ווי אין סווידער שושקעט מען זיך גאַנצע טעג מיט „קוצעניו־מוצעניו", אַזוי וועט איהר אין מיטען טאָג הערען שמועסען אין יוזעפאָוו ארות די „נעכטיגע אָקעס": ווער וועמען — ס'האָט „אַוועקגעיאָגט", ווער — ס'איז אַרויס מיט „אַ צוקראַצטען קאָפּ", ווער — האָט געהאַט אַ גוטע לילה און האָט געפּאַקט די „ממתקים", און ביז ווי לאַנג האָט מען ביי די און די קאָמפּאַניע „געסראָקט", א. ז. וו.

יוזעפאָוו פערמאָגט אַ שפּאָר ביסעל „געסט", וואָס זענען ספּעציעלע „נאַכט־דאַטשניקעס". דאָס הייסט אַזעלכע, וואָס זיי אַליין מיט זייער וויב און קינדער וואָהנען אייגענטליך אין וואַרשא, און האָבען מיט דער יוזעפאָווער „פרישע לופט" גאָר אַ קנאַפּע שייכות, און מעהר נישט וואָס זיי, די מענער הייסט דאָס, קומען זיך אַראָב, עטליכע מאָל דורך דער וואָך, האַפּען „איבערנאַכט" אַ קערטעל.

יוזעפאָוו, אַז זי זעצט זיך אַוועק נאָך שקיעת־החמה ביי'ם גרינעם טישעל, רייסט זי זיך ערשט אָב נאָך אַ שטיק אויפ'ן טאָג אַרויס.

דאַמאָלסט ערשט נעהמט זיך די „קולקע״ פונאַנדערגעהן: די אָרטיגע, די יוזעפאָוועך — לעגען זיך אַוועק האַפּען אַ דרימעל. די „געסט״ — האַפּען די הוטען מיט די שטעקלעך און לויפען צום וואָקזאַל. און די „שכנים״, וואָס וואָהנען אין די אַרומיגע דאַטשעס, — לאָזען זיך אַראָב מיט׳ן צוג אָדער מיט אַ ברישטשקע אַ היים.

און ס׳טרעפט גאַנץ אָפט, דאָס אויף׳ן וועג בעגעגענען זיך דער „טאַטע״ מיט׳ן „זוהן״, וואָס קומען ביידע אַהער פון אַן׳אַנדערן וועג:

דער „טאַטע״ — האָט פערבראַכט אַ נאַכט אין יוזעפאָוו, ביי׳ם „גרינעם טישעל״...

און דער „זוהן״ — — אַ נאַכט אין סווידער, צווישען די גרינע בוימער...

---

# פּאַלעניצע.

---

קומט איהר אַריין אין פּאַלעניצע — נעהמט אַראָב דעם הוט! פּאַלעניצע צווישען די אַרומיגע דאַטשעס פערנעהמט דעם אָרט ווי, למשל, אין ווארשא די מאַרשאַלקאָווסקאַ גאַס.

פּאַלעניצע איז אַ גרויסע מיוחסת, זי פערמאָגט אַן׳אַריסטאָקראַטישע „שמאַלץ־אינטעליגענץ״, וואו ס׳איז פּשוט אַ יקר־המציאות צו הערען אַ יודיש וואָרט רעדען.

זי האָט זיך איבערצוגעהמען מיט איהרע „פערווײַלונגען״. פּאַלעניצע ליפערט „פערגעניגען״ און „פערווײַלונגען״ פאַר אַלע אַרומיגע דאַטשניקעס פון דער גאַנצער ליניע.

דער צענטר פון אַלע „פערגעניגענס״ און „פערווײַלונגען״ — איז פּאַלעניצע.

דאָרט מאַכט מען קאָנצערטען, דאָרט איז דער „ספּאָרט״, וואו מען יאָגט זיך אויף פערד און מען רייט אויף וועלאָסי־

פערדען, דארט שיט מען זיך מיט קאנפעטי, און דארט שפיעלט מען אויך — „הינקע-פינקע"...

איבערהויפט אָבער האט פּאַלעניצע א ריהם מיט איהרע — „מאַראַמען".

אַ וואַרשאַווער „מאַדאַם", אַז זי פאָהרט אַרויס געניסען זומער „פרישע לופט" אויף די נאַדוויסלאַנער ליניע, קלויבט זי זיך, אַממעהרסטען אויס, פון אַלע דאַטשעס פאַלעניצע.

איין „מאַדאַם" פערקוקט זיך אויף דער צווייטער „מאַדאַם", און אַזוי אַרום ווערט פּאַלעניצע רייכער, וואָס אַ זומער, מיט „מאַראַמען".

„מאַראַמען" — דאָס מיינט מען, בעיאַהרטע אינטעליגענטע פרויען, וואָס טראָגען שענע טואַלעטען און מאָדערנע הויכע היט.

און ווערט אַ ווייבעל, וואָס דאָס מזל האט איהר גראָד פערוואָרפען אין אַן'אַנדערע דאַטשע, נישט אין פאַלעניצע, געבענשט מיט עפּעס אַ שען קלייד אָדער אַ הויכען הוט, אַזוי מוז זי חאַטש עטליכע מאָל אין דער וואָך אַראָבחאַפּען זיך קיין פּאַלעניצע „ווייזען זיך פאַר'ן עולם".

אַ דאַנק די „מאַראַמען", מאַכען זיך גאַנץ אָפט אין פּאַלע-ניצע קליינע און גרויסע סקאַנדאַלעכלעך.

מאַראַמען, כידוע, האָבען אין זיך אַ טבע צו נעהמען ביי די קרעמער אַלץ אויף „פראָקאַט". — מאַראַמען (ס'זאָל זיי צו קיין גנאי ניט זיין!) האָבען ווידער אויך אַ טבע צו לעבען אָהן רעכנונג און נישט צו זאָרגען אויף מאָרגען...

און טאַקי דעריבער איז פּאַלעניצע רייך מיט סצענקעס, וואו קרעמער און פּשעקופּקעס רינגלען אַרום אַ געוויסע „מאַדאַם", וואָס האָט זיך פערשולדיגט איבער'ן קאָפּ אַריבער, און מען מאַכט אַוואַנטורעס, און נישט גאַנץ זעלטען רעכענען זיי זיך אויך אָב מיט איהר — אויפ'ן „קאָרטשעווער" שטייגער...

•⊱⊰•

# ווי אַזוי האָב איך דאָרט פערבראַכט?

(פון מיין חבר׳ס טאַגע־בוכעל).

11 יוני, 12 א זייגער.

ענדליך.

ענדליך האָב איך זיך געלאָזט איינרעדען פון פריינד און חברים, וועלכע טרעפענדיג זיך מיט מיר אין גאַס, פלעגט יעדער פון זיי האַלטען פאַר אַ חוב צו פערציהען דאָס פנים מיט אַ רחמנות־מינע און צו בעדויערן מיך, שאָקלענדיג דערביי מיט׳ן קאָפּ: וועה איז מיר, ווי דו זעהסט אויס!... דאַרפסט נויטיג האָבען אַ ביסעל „פרישע־לופט", ערהאָלען דאַרפסטו זיך און פּאָפּראַווען דאַרפסטו זיך, א. ז. וו...."

איך האָב זיי צוליעב געטהון, הגם איין גאָט ווייסט דעם אמת, ווי פיינד איך האָב דאָס די „פרישע לופט" מיט דעם פיעסטשען זיך, מיט דעם ניאַנטשען זיך, מיט דעם פאַשען טאָג ווי נאַכט דעם נאַרישען חומר, מיט דעם מעסטען זיך און וועגען זיך אויפ׳ן פונט... נאָר וואָס טהוט מען ניט צוליעב גוטע פריינד און חברים? — דער אייגענער גאָט ווייסט דאָך ווידער אויך דעם אמת, ווי ווייט מיר איז אונאַנגענעהם זייערע זויערע מינעס, וואָס זיי מאַכען איבער מיר, טרעפענדיג מיך אין גאַס, מיט די רחמנות־פנים׳ער, פאַר וועלכע איך וואָלט אַנטלאָפען דריי מייל, אַנטלאָפען — אודאי אויף דער „פרישער לופט", אַבי ניט צו בעגעגענען זיך מיט זיי...

און ענדליך, דאַנקען גאָט, זיץ איך שוין.

אַזאַ „זיצען", רבונו של עולם, אויף אַלע מיינע שונאים געזאָגט, פערשוואַרצט, פערחושכ׳ט פון קאָפּ ביז פוס, אַ פול

מויל מיט קאָרזש און שטויב, פון מיין העמד קאָן מען אַ שיסעל וואַסער אויסדרינגען און ממש איך קאָן מיט קיין אבר נישט אַ ריהר טהון. אַ קליינינקייט? אַזעלכע שבעה מדורי גיהנם דורכצוגעהן! דאָס שטופעניש און שטויסעניש, יאָגעניש און פלאָגעניש מיט דעם ביסעל צרות פון דער „נאַדוויסלאַנער ליניע", וועגען וועלכע ס'איז שוין ביי אונז אַ גאַנצע רייכע ליטעראַטור בעשאַפען געוואָרען, און איך האָב גראָד ניט קיין חשק דאָס נאָכאַמאָל איבערצוקייען; גענוג און גענוג איז שוין אויף דעם געביט געשריבען געוואָרען. איך וועל שוין דאָ גאָרנישט קאָנען אויפטהון...

נאָר אַזוי צי אַזוי, וועט מיר דאָ גאָרנישט העלפען, קיין תירוץ ניט, כ'מוז נאָכשלעפען מיין מיעד-פערשוויצטען חומר נאָך די צוויי מעקלערס, אַ פערברוינט יודעל מיט אַ שטעקעלע, און עפּעס אַ גוי מיט אַ יודיש נעזעל, צוויי שותפים, וואָס האָבען אַ פנים געמאַכט „יעדנאָשץ" צו פעריאָרגען מיך מיט אַ דירה.

ווי עס איז, נאָר דערווייל, דאַנקען גאָט, זיץ איך שוין אויף „פרישע לופט"...

---

3. אוהר.

אח, אח, זעהר אינטערעסאַנט.

אָט נאָר-וואָס האָב איך געדונגען אַ צימער ביי, מ'קען זאָגען, אַנ'אינטעליגענטע פאַמיליע, וואָס בעשטעהט סך הכל פון צוויי פערזאָן: אַנ'אַלטער גריי-גראָהער יוד פון אַריבער אַכציג, וואָס טראָגט אויפ'ן קאָפּ אַ זיידען קאַפּעל און קריכט קוים אויף די פיס, און אַ שלאַנקע פיגור פון אַ צוואַנציג-יעהריג מיידעל, אַ בליהענד-רויט געזיכט מיט צוויי שוואַרצע צעפּ און אינגאַנצען אַ לעבעדיגע, אַ לאַבעדיגע, וואָס רוהט נישט אין מינוט אויף קיין אָרט.

זאָל זי זיין דעם אַלטענס אַ טאָכטער? — ניין, איך גלויב נישט. פאַר אַ טאָכטער איז זי צו יונג און ער — צו אַלט. גיכער איז דאָס אַ זיידע מיט אַנ'אייניקעל.

פון איהרע צוויי לאַנגע צעפּ איז קענטיג, דאָס זי איז נאָך אַ פריילין.

נאָר וואָס אינטערעסירט דאָס מיר?...

אַ וואייל יודעל אָט דער אַלטיטשקער. מיר האָבען זיך צו-שמועסט אַ ביסעל און ווי איך זעה, איז ער אַ פיינער בן-תורה און האָט אַ ידיעה אין וועלט-זאַכען, אַזוי איז ער זיך אַ וואַרשאָווער „פאָסטעמפּאָווער" בעל-הבית, דוקא אַ פרומער, וואָס לעבט פון קאַפּיטאַל. שפּרעכט האַלב-דייטש און שטאָלצירט זעהר מיט „זיין" אויסלאַנד, וואוהין ער פלעגט יעדען זומער פאָהרען אויף קוראַציע.

ער איז אויך אַ שטאַרקער ליעבהאָבער פון העברעאיש, נאָר ליינען ליינט ער, דעם „נאָוואַ גאַזעטאַ" מיט'ן „פּאָראַנני"...

ניש'קשה פון אַ יודעל. נאָר דאָך — — — וואָס קוקט ער אויף מיר אַזוי שטאַרק? זייט איך בין מיט די מעקלערס אַהער געקומען די דירה דינגען, נעהמט ער פון מיר די אויגען ניט אַראָב. דאַכט זיך, ער רעדט דאָך מיט מיר אַזוי פיין און ליעבליך און דאָך — גאָט מיינער! מיט וואָסערע דורכדרינגענדע בליקען ער קוקט אויף מיר! רבונו של עולם, צי איז ער מיך אין עפּעס חושד?...

און זי? — זי זיצט נעבען אונז אויף דער וואַרענדע און הערט אויך נישט אויף צו קוקען אויף מיר, איהרע בליקען זענען, אמת, ניט ווי דעם אַלטענס, ניט קיין שאַרפע, ניט אַזעלכע דורכדרינגענדע, פערקעהרט גאָר... נאָר דערווייל לעב איך איצטער איבער אַ נ'אונאַנגענעהמע אויגען-סצענע:

דער אַלטער היט מיך מיט די אויגען און קוקט אויף מיר, צי איך קוק אויף איהר — קענטיג, ער וויל ניט, איך זאָל קוקען אויף איהר...

זי ווידער היט מיך אויך מיט די אויגען — שוין נאָר אַנדערע אויגען — און קוקט אויף מיר, צי איך קוק אויף איהר — קענטיג, זי וויל יאָ, איך זאָל קוקען אויף איהר...

און איך? — איך קוק אויף זיי ביידע: גאָט מיינער, וואָס טהוט זיך דאָ!...

ס'האַרץ צאַפּעלט אין מיר...

3 מיט 20 מינוט.

כ׳האָב זיך אַ ביסעל דורכשפּאַציִרט אין דרויסען צווישען די זומער-וואוינונגען און פון אַלע זייטען טײַטעלט מען עפּעס אויף מיר מיט די פינגער און מען שושקעט זיך און מען קוקט אויף מיר מיט שעלמישע שמייכעלעך.

יונגע-לײַט אין וועליסאָפּעדען-היטעלעך און ווײַבלעך אין קאָלירטע שלאָפּרעק, געהען מיר אַנטקעגען פון זייערע וואַרענדעס און פרעגען מיך אויס, וואו און בײַ וועמען איך האָב מיר די דירה געדונגען און צו דער אַלטיטשקער האָט מיר גלײַך געוואָלט פערדינגען. און אַז איך ציה מיט די אַקסלען — קוקען זיך איבער די וועליסאָפּעדען-היטעלעך מיט די שלאָפּרעק און מען קוועטשט מיט די אויגען און מען שטיקט זיך פון געלעכטער.

זאָל דאָס מיר זײַן, טאַטע זיסער, פאַר אַנ׳אָבקומעניש. צווישען וואָסער חברה בין איך דאָס אַרײַנגעפאַלען?

---

3 מיט 25 מינוט.

אַח, אַח, אוז! זעהר אינטערעסאַנט! עס שווינדעלט מיר אַזש אין קאָפּ.

מען האָט מיר שוין אַלץ דערצעהלט, ס׳איז מיר שוין אַלעס קלאָר.

דונער-וועטער! דער אַכציג-יעהריגער אַלטיטשקער מיט׳ן זײַדען קאַפּעל, וואָס קריכט קוים אַרום, איז נישט קיין זיידע, און די צוואַנציג-יעהריגע בליהענד-רויט געזיכט — נישט קיין אייניקעל. ניין! זיי זענען נישט מעהר און נישט וועניגער ווי... מאַן און ווײַב, וועלכע מען רופט דאָ „דאָס הונדערט-יעהריגע פּאָר-פאָלק...

ער, דער אַלטיטשקער, אַ געוועזענער אַלמן מיט אַ סך געלד, האָט זיך „גענומען״ אַ יונג שען מיידעל..., טהוט ער נישט מעהר, דער אַלטער, נאָר געהט אַרום, נישטערט מיט די אויגען און גיט אַכטונג. און זי...

טאַטע זיסער! כ׳שטוים מיך שוין...

16-טען יוני.

מען צורייסט מיך.

פון קראַסוצקי'ס ווילאַ איז געקומען צו מיר אַ דעפּוטאַציע, דאָס אַזוי ווי מ'דערקענט אין מיר, דאָס איך בין אַ וואַרשאַווער יונגערמאַן און מיין פּנים זאָגט עדות, אַז איך האָב נישט פיינד קיין קערטעל און אַזוי ווי דאָרט ביי קראַסוצקי'ן פעהלט איצט גראַדע אַ „האַנד"—לכן, צי וואָלט איך נישט געוואָלט זיין אַזוי פריינדליך און ווערען אַ דריטע „האַנד" צו „טעלעפאָן".

געוועהנליך, האָט די העפליכקייט פון מיר געפאָדערט, איך זאָל איינשטימען אויף יאָ, און די דעפּוטאַציע איז אַוועק בשלום.

---

אין צוויי מינוט אַרום.

פון שערלעצקי'ס ווילאַ איז געקומען צו מיר אַ דעלעגאַציע, דאָס אַזוי ווי וכו' און אַזוי ווי וכו', לכן, צי וואָלט איך ניט געוואָלט זיין אַזוי פריינדליך און משלים זיין די זעקסטע „האַנד" צו אָקע.

כ'בין אין אַ פערלעגענהייט, נאָר געוועהנליך פאָדערט פון מיר די מענש'ליכקייט, איך זאָל איינשטימען אויף יאָ און די דעלעגאַציע איז אַוועק בשלום.

---

אין אַ מינוט אַרום.

ראַטיי'ס ווילאַ האָט געשיקט צו מיר איהרע פאָרשטעהער, דאָס אַזוי ווי וכו' און אַזוי וכו', צי וואָלט איך אַלזאָ נישט געוואָלט זיין אַזוי פריינדליך און זיי צושטייער געבען מיין „האַנד" אויף אַ „בענקעל".

מיין פערלעגענהייט שטייגט. פערצווייפעלט שפּרייטען זיך מיינע הענד אויס: האָט רחמנות, ליעבע מענשען, מעהר ווי די צוויי פערמאָג איך נישט...

---

באותו הרגע.

וואַקסט־אויס פאַר מיר אַ הויכע און אַ גראָבע יודענע אין אַ לאַנגען פיער־אַרשיניגען שלאָפראָק, ביי וועלכע די אונטערשטע ליפּ איז פערשמירט מיט איי־געלעכץ, משמעות, די דאָזיגע יו־דענע האָט נאָר וואָס געגעסען אַ יאַשטשערניצע און זי האָט אַ פּנים פערגעסען, פון גרויס איילעניש, אָבצוריי̈ניגען די סמנים...

די הויכע גראָבע יודענע שמייכעלט צו מיר און רופט מיך אַוועק אָן אַ זייט. מיין פּנים — זאָגט זי — איז איהר שטאַרק קענטליך און אַז זי קוקט — זאָגט זי — אין מיין פּנים, דערמאָהנט זי זיך אין איהר מענדעלי, ער, זאָל איהר געזונד און שטאַרק זיין — וועלכער איז איצט אין אַמעריקאַ און פערדיענט שמזיקער געלד און צו וועלכען איך בין ערגליך, ווי צוויי טראָפּענס וואַסער...

— זיי האָבען געקאָנט מיין מענדעלי?

— ס'קען זיין — זאָג איך — אַז יאָ, און ס'קען זיין, אַז ניִשט...

— זיי האָבען ניִשט געקאָנט — זאָגען זיי — מיין מענדעלי, ער זאָל מיר געזונד און שטאַרק זיין, ס'איז דען דאָ נאָך אַזעלכעס?

און די הויכע גראָבע יודענע, וואָס האָט נאָר וואָס געגע־סען אַ יאַשטשערניצע, מאַכט מיר אַ פאָרשלאָג, דאָס איך זאָל, תיכף ומיד, אַריבערגעהן צו איהר — זי וואוינט אָט דאָ גאָר ניִשט וויט — וואו זי וועט מיר ווייזען אויף טשיקאַוועס איהר מענדעלי'ס פאָטאָגראַפיע, תיכף ומיד — וואָרום ס'זיצען דאָרט ביי איהר זעהר אַ פיינע „טאָוואַרזשיסטוואָ" (די בעסטע „טאָוואַר־זשיסטוואָ" קלויבען זיך אויף — זאָגט זי — נאָר ביי איהר) יאָ, זי האָט אויך — זאָגט זי — דאָרט צוויי טעכטער, מיידלעך, איין בריליאַנט גרעסער ווי דער צווייטער. אין מיר — זאָגט זי — דערקענט זי, דאָס איך בין ניִשט קיין „ליאַדע־ווער יונגערמאַן" (זי האָט פיינד ליאַדע־ווער יונגעלייט) פערקעהרט, זי זעהט — זאָגט זי — (זי דערקענט — זאָגט זי — גלייך אַ מענש ביים ער־שטען קוק), דאָס כ'בין דוקא ניט קיין פּראָסטער יונגערמאַן און ניִשט קיין נאַרישער יונג־גרמאַן, און בין ערגליך, זעהר עהנליך,

צו איהר מענדעלי, ער זאָל איהר* געזונד און שטארק זיין, א שפּאס איז דאָס אַ מענדעלי! — לכן וועל איך אַזוי גוט זיין און אריבערגעהן צו איהר, טאַקע אָט שוין, אָנקוקען איהר מענדעלי׳ס פאָטאָגראַפיע און אין איין וועג וועט זי מצרף זיין מיין „האַנד" צו דער „טאָוואַרזשיסטוואָ" און מיר וועל׳מיר מאַכען אַנ׳אָקעלע.

אַודאי מוז איך, פון העפליכקייט וועגען, ענטפערן די הויכע גראָבע יודענע מיט אַ קאָמפּלימענט, דאָס איך האַלט דאָס מיר פּאַר זעהר אַ גרויסע עהרע א. א. וו. און דאָס איך בין איהר זעהר און זעהר דאַנקבאַר (כ׳וועל עס איהר אייביג נישט פערגעסען!). וואָס זי האָט זיך עקסטרע מטריח געווען צו מיר, און מיט אַ צוכראָכען געמיט און אַ פערביטערט האַרץ גרייט איך מיך צו בעטען ענטשולדיגונג ביי דער הויכער גראָבער יודענע, וואָס האָט נאָר־וואָס געגעסען אַ יאַשטשערניצע, און געגעבען איהר צו פערשטעהן, דאָס לײַדער איז שוין מיין „האַנד" איינגע־שאַצט אין דריי „טאָוואַרזשיסטוועס"... נאָר — — דאָ געשיהט אַ נס. די הויכע, גראָבע יודענע לאָזט מיך פלוצלונג שטעהן און ווינקט און שרייט און לויפט אַנטקעגען עפּעס עמיצען, ביי דער גוטער געלעגענהייט בלייב איך דערווייל שטעהן, ווי אַנ׳אָבגע־בריהטער, און תיכף רינגלען מיך אַרום די שכנים, די וועליסאָ־פעדען־היטעלעך מיט קאָליריטע שלאָפּרעק און רוימען מיר איין אַ סוד אין אויער:

— זיי פאָרזיכטיג. יונגערמאַן, דאָס איז „די יודענע אין די הויזען"...

איך הויב די אויגען צום הימעל: ליבער גאָט, וואָס וויל פון מיר „די יודענע אין הויזען?"...

---

* תוֹך כדי דיבור.

די „יודענע אין די הויזען" האָט זיך אַוועקגעשטעלט ניט ווייט פון מיר און טענה׳ט עפּעס שטאַרק מיט איינעם אַ יודעל, וואָס טראָגט אַ צוריסען זיידען היטעל און אַנ׳אויסגעקראָכען שי־טער בערדעל און האָט אַ לעדיג מויל, וואָס פערמאָגט ניט קיין איין צאָהן.

די „יודענע אין די הויזען" איז שטארק פערטיפט אין אַ שמועס מיט דעם „ליידיגען מויל". זיי שושקען זיך און קוקען אויף מיר און טײַטלען אויף מיר מיט די פינגער.

ווער איז ער דאָס, און וואָס וויל ווידער „דאָס לעדיגע מויל" פון מיר?...

---

אין דער זעלבער צײַט.

ליעגט מײַן בעל-הבית'טע, דאָס צוואַנציג-יעהריגע ווײַבעל מיט די צוויי לאַנגע צעפּ אין „האמאַק" און אַ יונגער מאַן אין אַ שטרויענעם וועליסאָפּעדען-היטעלע און מיט לישײַעס אויפ'ן פּנים, וויעגט איהר און הוידעט איהר און שמײַכעלט צו איהר און בעגעהט זיך מיט איהר גאָר היימיש... דער אַלטער אַכציג-יעהריגער מאַן שטעהט דערנעבען, און עס אַרט איהם גאָרנישט. פערקעהרט, דאַכט זיך, ער קלויבט נאָך נחת...

ווער איז ער דאָס, דער דאָזיגער יונגערמאַן מיט די לישײַעס? פאַרוואָס איז דאָס איהם ערלויבט צו האַלטען זיך אַזוי היימיש מיט דעם יונגען ווײַבעל מיט די צעפּ? און פאַרוואָס אַרט דאָס גאָרנישט דעם אַלטען, וואָס בנוגע צו מיר, היט ער מיך אויף יעדען שריט און נעהמט פון מיר די אויגען נישט אַראָב?...

---

פאַרנאַכט.

מײַנע גוטע, ליעבע שכנים, וואָס זיצען איצט אין דרויסען און טרינקען טהיי, פאַר וועלכע ס'איז קיין פערבאָרגענע זאַך נישטאָ, האָבען מיר אַלע קשיות פערענטפערט:

1) די „יודענע אין די הויזען" איז אַ מאַמע פון צוויי טעכטער.

2) דאָס „ליידיגע מויל" הייסט איטשע-מאיר און איז אַ ספּעציעלער דאַטשע-שדכן. זײַנע שדוכים פערציהען זיך נישט אויסער'ן תחום פון דער דאַטשע: דאָ ווערען זיי געבוירען און

דאָ צונויפגעפּאַרט... אויף דעם „ליידיגען מויל" דערצעהלט מען, דאָס ער האָט דאָ אַ אומזיסטיגע דירה, מחמת דעם בעל-הבית פון דער ווילאַ „האַלט" ער אין רעדען אַ שדוך; ער האָט אויך פריי באַהן ביז קיין אָטוואָצק, מהמת ער האָט אַמאָל דעם נאַטשאַלניק-סטאַנציע געדעדט אַ שדוך...

3) דער יונגערמאַן מיט די ליששיעס איז אַמאָל געווען אַ פּוע"צ. נאָך דער „שטורם און דראַנג-עפּאָכע", האָט ער זיך אַוועקגעזעצט לערנען „גראַמאַטיק" און חלומ'ט עד היום צו ווע-רען אַ דאָקטאָר. אויף דעם סמך פון די גוטע חלומות, האָבען זיך די פּאַלעניצער מיידלעך צוגעאיילט און איהם אַרויסגעגעבען דעם דאָקטאָרישען דיפּלאָם; דער „דאָקטאָר" בעזיצט אַ מעלה, וואָס ער איז אַ גרויסער עניו און גיט זיך אָב מיט יעדען מיי-דעל. ער איז שטאַרק געריהמט פאַר זיין עניוות און אַלע מיי-דלעך זענען פאַר איהם די כפּרה...

4) דער אַכציג-יעהריגער זקן האָט פאַר איהם גרויס אָב-שיי און האַלט, ווייזט אויס, פאַר אַ גרויסע זכיה, וואָס דער „דאָקטאָר זעלבסט" הוידעט און וויעגט זיין צוואַנציג-יעהריג ווייב מיט די לאַנגע צעפּ אין „האַמאַק"...

און איך — פאַרוואָס היט ער מיך, דער אַלטער אַזוי מיט די אויגען? מיט וואָס בין איך דאָס ערגער פאַר דעם „דאָקטאָר"? אַזאַ אַלטער שוטה!...

---

דעם 23-טען, זון-אויפגאַנג.

ען'אַלט בעקאַנטער ניגון האָט מיך אויפגעוועקט פון שלאָף. וואו האָב איך דעם דאָזיגען ניגון געהערט? ווי בעקאַנט ער איז מיר, ווי מאָדנע ער וועקט עפּעס די סטרונעס פון האַרץ און שפּיעלט אויף דער נשמה!... כ'וואָלט שווערען, עס איז ליזער דעם שמש'ס קול, דאָרט אין די שטילע פערשלאָפענע געסלעך פון מיין קליין שטעדטעל, אין אַ קאַלטען ווינטערדיגען פריהמאָרגען. כ'וואָלט שווערען, ס'איז דערזעלבער ניגון!

— „שטעהט אויף, יודעלעך, צו עבודת-הבורא!"...

יאָ, דיזעלבע מעלאָדיע, דיזעלבע טענער, נאָר נישט לייזער דעם שמש׳ס קול איז דאָס, ניין! דאָס רופט גאָר, דאַכט זיך, איטשע-מאיר, דאָס „לעדיגע מויל״. זיין קול קלינגט אָב צווישען די הויכע סאָסנע-בוימער, טראָגט זיך פון איין ווילא אין דער צווייטער און דערנעהנטערט זיך צום פענסטער פון מיין צימער.

— „שטעהט-אויף, יודעלעך״...

פאַרדאָן!

— שטעהט-אויף, פאַניע נאַגעלהאָף, פאַניע שפּיעלפּאָגעל, ווער איז אַ פאַרשוין צו אַנ׳אָקע!... פאַניע וואָלפּמאַן, פאַניע זאָנענלעב!...

כ׳בויג מיך אַרויס דורכ׳ן פענסטער. דאָס „לעדיגע מויל״ מיט׳ן נאַקעטען האַרץ און דאַמסקע פאַנטאָפּעל דרעהט זיך אַרום פון איין ווילא אין דער צווייטער (ווי ער זאָגט, איז ער שוין אַ „געדאַוועטער״). נאָך איהם שלעפּט זיך נאָך אַ שוואַרץ ווייַ-בעל מיט אַ אָנגעפּודערטע גאָמבע, וואָס האָט אַ שוואַכקייט צו געבען „פּיערטעלעך״ „וויזע״, און זיי זוכען שוין בעצייטענס פאַרשוינען צו „אַנ׳אָקע״.

יאָ, וואָס אָנבעלאַנגט דערין, איז מען זיך דאָ זעהר מקדים צו עבודת-הבורא...

---

10. אַ זייגער, ביי׳ן אָקע-טישעל.

ווען איך וואָלט געהאַט דאַמאָלט אויף הוצאות אָדער דער עולם וואָלט אַליין געהאַט שכל, צו שיקען מיך אַלס דעלעגאַט אויף דער טשערנאָוויצער שפּראַך-קאָנפערענץ, און דאָרט וואָלט מען מיך, למשל, אַ פרעג געטהון אַ מיטעל, ווי אַזוי צו פער-שפּרייטען די יודישע שפּראַך צווישען פאָלק, וואָלט איך אַודאי נישט לאַנג געטראַכט און וואָלט פאָרגעלעגט: אַ קערטעל...

— נישטאָ—וואָלט איך זאָגען—נאָך אַזאַ זאַך, וואָס זאָל אַזוי אימשטאַנד זיין אויפצולעבען דאָס מאַמע-לשון אין די מיילער פון דער הויך-אינטעליגענץ, ווי דאָס אָקע-טישעל מיט׳ן קערטעל...

נעהמט, צום בײַשפּיעל, מײַן דאַטשע און מײַן ווילא, וואוהין איך בין פערוואָרפען געוואָרען גלות־דאַטשע אָבריכטען. יעדער וועט אײַך מודה זײַן, דאָס אַזאַ שכנות׳דיגע אינטעליגענץ, ווי איך פערמאָג, און אַזעלכע „פּאָסטעמפּאָווצעס", וועלכע רינגלען מײַן „פּרישע לופט" אַרום—איז גאָרנישט בנמצא.

וואָרום וואָס פעהלט מיר און וואָס האָב איך נישט? אַנ׳ערב־דאָקטאָר (די היגע מײדלעך האָבען איהם שוין געקרוינט פאַר אַ גאַנצען דאָקטאָר), וועלכער איז נאָר־וואָס געקומען פון פּאַריז און וויל נישט אַנדערש—האָטש צוהאַק איהם!—ווי חזר׳ען זיך פּויליש מיט גרײַזען... און אַ „ליטוואַק" האָב איך, וואָס ריר־ט זיך נישט מבקר ועד ערב אָהן „סלושײַטע",.. און אַנ׳אַלטער „פּאָסטעמפּאָווער" בעל־הבית, וואָס איז נאָך דער חתונה (מי יודע ווי לאַנג ער האָט שוין חתונה!) געפאָהרען אויף אַ לוסט־רײַזע נאָך גרעפענבערג און דערפאַר האָט ער שוין אַ מנהג־קבוע, דאָס ווען ער עסט־אָב מיטאָג, שטעלט ער זיך אַרויס אין דרויסען פאַר דער וואַרענדע, און דערזעהט ער וועמען, האַפּט ער איהם אונטער׳ן אָרעם, מאַלט מיט איהם אַ שפּאַציר־גאַנג צווישען די בוימער און רעדט אויס אָסור־לדבר אויף „אײַערע" דאַטשעס מיט אײַערע „פּרישע לופטען". פּפוי! וואָס פאַר אַ פּנים, משטײנס געזאָגט, האָבען זיי אין פערגלײַך מיט זײַן גרעפענבערג! און דערבײַ ווערט ער אַזוי צוהיצט, דאָס ער שפּרעכט דײַטש ביז צום אָוועגד־ברויט...

געה־זשע און זײַ נישט קיין פּעסימיסט, אַז דו זעהסט בעין, ווי אויף דעם קלײנעם שטיקעל ווילא געוועלטיגען אַלע שבעים לשונות, און „טשערנאָוויץ" ליעגט אין דער אַדמה!

דערפאַר אָבער, אַז גאָט העלפט און מען טראָגט אַרויס דאָס אָקע־טישעל פאַר דער וואַרענדע און די „הענד" סדר׳ן זיך אויס, שטעהט דאַן אויף תחית־המתים דער אָפּטימיסט, וואָס ליעגט אין מיר און טרײסט מיר: אָ, לעקיש מײַנער, האָבען מיר אַ גוטען גאָט אויף דער וועלט! אָט באַלד וועסטו זעהען די גבורה פון „טשערנאָוויץ"!...

און איך מוז מודה זײַן, דאָס איך ווער טאַקי אַ געטרײַס-

טער און נעהם־צו, פון נחת, א שטיק געזונד מיט עטליכע „פונט״.

אודאי, למשל, בשעת די „פאסטעמפאווע״ „העגר״ זועצען זיך אוועק ביים אקע־טישעל, געהט עס צו אין תחילת זעהר אריסטאקראטיש. ווער ס׳זיצט נאר מיט איין פוס אריבערגעווארפען איבער דער באנק, ווער ס׳עצט זיך אוועק רייטענדיג און ווער ס׳לעהנט זיך בלויז אן אויף אנ׳עלענבויגען, ווי ס׳וואלט איהם דער גאנצער ענין נישט ליעגען אין קאפ... בנעימות געלאסען ווערט דאס טעשעל קארטען „אויסגעמישט״ און — נודנע, מאדנע שלעפעריג געהען די ערשטע „קאנען״ פאריבער, פע, דער גאנצער שפיעל האט אסור קיין יודישען טעם!...

דער פאריזער „פאליאק״ זיצט זיך שטייף, ווי א סטרונע, בייסט דעם מונדשטוק פון פאפיראס און געגעצט אויף פויליש; דער „גרעפענבורגער דייטש״ פון דער גנוינא גאס, האפט א קוק אין די אויבערשטע קארטען מן הצד און שפיצט זיך דערוויילי די וואנסען אלא ווילהעלם... דער לאמזער „ליטוואק״ קייט דעם „סלושייטע״ מיט׳ן אקצענט פון זקף־גדול; דאס „לעדיגע מויל״ און דאס שווארצע ווייבעל מיט דער געפודערטער גאמבע שוויצען, נעבעך, יוצא צו זיין אויף אלע לשונות, און איך—איך הקטן, די זעקסטע „האנד״, פאס „וויזע״ פון פעסימיסטישען שטאנדפונקט און טראכט מיט א זויערקייט אויפ׳ן הארצען!

— אוי, „טשערנאוויץ״, ביזט אויף צרות!...

---

אין עטליכע מינוטען ארום.

די שטערענס שוויצען, די עלענבויגענס שטויסען, די ביינקלעך מיט די שטוהלען קאטשען זיך און טאנצען, לאנגע אויסגעשטרעקטע הענד ווארפען זיך און דרעהען זיך, און פלעכטען זיך איין איינס אין דאס אנדערע, די פיס שטעהען אונטען אויך ניט לעדיג... און די מיילער, דער עיקר די מיילער, שרייען און ארבייטען אויף אלע כלים:

ס׳איז שקר וכזב!... פע, א חרפה און א שאנד, ווי איך

בּין אַ יוד! — בּרענט דער פּאַריזער „פּאָליאַק“ און קלאַפּט אין טיש.

— אָהאָ! שבת נאָכ׳ן קוגעל וועט איהר מיר איינרעדען אַזעלכע מעשׂיות!... „פּערוויז“ צו אָקאָ בּין יאַך, יאַך זאָל מיר אַזוי לעבּען!... — כּעס׳ט זיך דער „ליטוואַק“.

און דער גרעפענבּורגער „דייטש“ שטעהט פון דערווייטענס, טאַנצט־אונטער מיט די פּיס און הויבּט די הענד פון נחת:

— אַ מצוה, כ׳זאָל אַזוי געזונד זיין! אוי, האָט ער איהם אָנגעשמיסען!...

האָט קיין עגמת־נפש. די התחלה איז שוין געמאַכט געוואָרען צום גוטען. דער אינצידענט געהט גלייך פאָראיבּער, בּלייבּט אָבּער, דאַנקען גאָט, דאָס „מאַמע־לשון“; פון איצט ירש׳נט זי דאָס אָרט פון די אַלע פריהערדיגע שבעים לשונות און עס געהט ווי געשמירט, מען קנאַקט עברי און מען האַקט אַ לשון, אויף וואָס די וועלט שטעהט!...

וואָס ווייטער, אַלץ רעדעוודיגער, אַלץ מאַמע־לשון׳דיגער ווערט מען. ווילסט אַנ׳עכט יודישען געפעפערטען וויץ? — אַהער בּרודער, קום צו אונזער „פּאָסטעמפּאָווע“ אָקע! אפשר „אַ בּרי־וועלע דער מאַמען“? — מהיכא תיתי! בּשעת די פּויזען, ווען מען מישט די קאָרטען, ווערט דאָס דאָזיגע זמר׳ל געקלאַפּט מיט אַלע קליפּערלעך: ס׳ווערט געפּייפט מיט די ליפּען, געקנאַקט מיט די פינגער און געטופּעט מיט די פּיס, כּכּתוּב...

און איך — הקטן, גיב דאַמאָלט אַ „פּיערטעל“ וויזע פון אָפּטימיסטישען שטאַנדפּונקט און ס׳האַרץ וואַקסט אין מיר פון נחת:

— יאָ, טראַכט איך מיר מיט פערגעניגען — גאָט איז אַ פאָטער, טשערנאָוויץ — אַ שטאָדט און מאַמע־לשון — אַ שפּראַך...

•⊱✧⊰•

# ר׳ מענדעל.

מען הויבט נישט אָן צו וויסען, ווער ער איז, פון וואַנען ער איז, ווי לאַנג איז ער שוין קראַנק, און פון וואָס לעבט ער.

דערגעהן עפּעס פון איהם — איז שווער. הויבט מען מיט איהם אָן צו רעדען — אַזוי צוהוסט ער זיך תיכף, און ס׳איז דאַן אַ מעשה אָהן אַנ׳עק.

ווייס מען טאַקי מעהר נישט ווי: ער הייסט ר׳ מענדעל, און ער הוסט...

און יאָ: — ער איז אַ „דאַטשניק״.

ווי לאַנג „דאַטשעוועט״ ער שוין? — דיענט קיינעם דער זכרון נישט.

זינט מען געדענקט, וועט שוין, דאַכט זיך, זיין אַ יאָהר זיעבען, אַכט...

ווינטער זעהט מען איהם נישט אויף דער ליכטיגער שיין, קיינער טרעפט איהם ניט אין ערגעץ, קיינער בעגעגענט איהם נישט — מען ווייסט נישט, וואו זיין געביין קומט אַהין!

זאָגען זאָגט מען, דאָס ווינטער־צייט ליגט ער ערגעץ אין וואַרשא, אויף דער סמאָטשע גאַס, אין אַ „לאָך״ — אַ מין דירה, איינגענורעט אויף אַ צובראָכענעם טאַפּטשאַן, פערוויקעלט אין אַלטע צוריסענע בגדים און — הוסט.

זומער־לעב, ווען ס׳הויבען זיך אָן צונויפקומען איינציגווייז די פויגעל פון די וואַרעמע לענדער, און איינציגווייז — די איינוואוינער פון שטאָדט אויף דאַטשע, זענען די ערשטע ווערטער

פון ערשטען שמועס, ביים ערשטען קבלת-פנים, מכּה ר׳ מענדעל׳ן!

— ער איז שוין דאָ?...

מאַכט זיך טאַקע פיעל אומער׳ן, דאָס ער פערשפּעטיגט זיך — ענטפערט מען:

— אָהאָ! ער מוז שוין אַודאי זיין אויפ׳ן עולם-האמת!...

— ברוך דין אמת... ער איז שוין פאַר-אַ-יאָהרען געוועזן אַ נוטה למות...

— וואָס עפּעס פאַר-אַ-יאָהרען... ער האָט פון תּמיד אָן געפּאָכעט מיט דער נשמה...

— רק געהוסט. מען פלעגט פּשוט נישט קאָנען שלאָפען ביינאַכט...

זיפצט מען עטליכע מינוט, מען דערצעהלט נאָך אויף איהם שבחים, נאָר אין תּוך גענומען, פלעגט זיך אינוויינענג ביי יעדען דאַטשניק אין האַרץ דערוועקען עפּעס אַ מין צופרידענהייט פון ר׳ מענדעל׳ס טוידט...

עפּעס האָט די מראה זיינע געשראָקען יעדען. זיין הוסט פלעגט אַ מרה-שחורה אָנוואַרפען, און איז ער עמיצען אַנטקעגען געקומען ביי׳ם עסען — האָט זיך ביי יענעם דער ביסען געשטעלט...

איין בליק אויף איהם — און עס דערוועקען זיך מאָרנע געפיהלען, און טרויעריגע, זעהר טרויעריגע רעיונות וועגען אַ-זעלכעס, וואָס שרעקט שטאַרק, ובפרט נאָך אַ דאַטשניק...

אומזיסט אָבער דער „ברוך דין אמת״, מיט די פערבאָרגענע צופרידענהייט!

נישט אויף אַ זעלכע ווי ר׳ מענדעל האָט דער מלאך המות שליטה!..

אַ צוויי, דריי טעג — „שלום-עליכם, ר׳ מענדעל״!

אַ הוסטענדיגער — „עליכם-שלום״ מיט אַנ׳אויסגעשטרעקטע דאַרע האַנד, און ווייטער געהט איהם גאָרנישט אָן...

ער פרעגט זיך וועגען קיין זאַך ניט, ווערט ניט נתפּעל, קוקט זיך אפילו ניט אַרום אויף דער דאַטשע...

באַ . . . זי, די ראַטשע, איז שוין ביי איהם אַנ׳אַלטע היים . . .

קריכט ער זיך אָנגעשפּאַרט אויפ׳ן שטעקען, קוים וואָס ער שלעפּט די פיס, זוכט זיך אויס אַ בעקוועם אָרט צווישען געדיכטע בוימער, ציהט זיך אויס אויף דער קיהלער ערד, זויגט איין איין אָטעם די לופט און הוסט . . .

די ראַטשניקעס צאָהלען איהם צו זעקסער׳ס און צעהנער׳ס אַ וואָך, טרינקט ער אין דערפריה אַ טעפּעלע מילך, עסט מיטאָג אין דער „בילינגער״ קיך פּאַר פּופצעהן קאָפּיקעס, און גאָרנישט...

אַזוי פערברענגט ער זומער נאָך זומער, טאָג נאָך טאָג. אָדער ער האַלט זיך צו מיט דער האַנד ביי דער זייט און שפּייט קרענקליך, אָדער ער הוסט גלאַט אַזוי. . .

ראש-חדש אלול צייט — ווערט ער נעלם . . .

---

מען הויבט נישט אָן צו וויסען, ווער ער איז, פון וואַנען ער איז.

ווייסען ווייסט מען נאָר: ער הייסט ר׳ מענדעל און הוסט.



# די בעל־הבית'טע און דער „גאַסט".

(פון די דאַטשע־ראָמאַנען).

## I.

— אַז דער דאָקטאָר האָט דיך געהייסען פאָהרען — טאָרסטו גאָרנישט לאַנג קלערען, נעהמט מען און מ'פאָהרט; דאָס געזונד, וועלוועלע, איז טייערער ווי אַלץ.

— ס'טייטש, שיינדעלע, וואָס רעדסטו? ס'איז דאָך אונ־מעגליך, וואָס הייסט, איך וועל נעהמען און זיך אַוועקזעצען אויף דער לופט און דו וועסט דאָ איינע אַליין פיהרען די קראָם, פּראָצענטען, אַרבייטען איבער די כּוחות? אומגליקליך! איך זאָל זיך זיצען און דאַטשעווען, פּאָפּראַווען דאָס געזונד און דו זאָלסט חלילה אָפּקלעגען דאָס געזונד?! חלילה וחלילה, כ'קען דאָס נישט טהון אַנטקעגען דיר, אַנטקעגען מיר, אַנטקעגען פרעמדע מענשען...

— פאַר מיר, וועלוועלע, זאָלסט זיך נישט זאָרגען, איך וועל מיר שוין מיין שטעדטעל באַזאָרגען. כ'וועל בעטען די מומע דבורה, וועט זי מיר אַהער שיקען יעדען טאָג איהר מיי־דעל אין געוועלב אַריין, און וואָס אַרט מיך, מיינסטו, אַז איך נעהם און שיק מיר אויך נאָך הנה פּעסע'ס מיידעל? זי וועט צו־נוץ קומען, אַ שליחות, אַ גאַנג, צוגעהן צו אַ קונה און דאָס גלייכען. די שוויגער, רעכען איך, וועט אויך מן הסתם אַריינ־קומען יעדען טאָג און זיצען אַ צוויי־דריי שעה אין געוועלב; נאָר וואָס האָבען מיר דערפון צו רעדען, איך וועל מיר שוין

אַנ׳עצה געגעבען, דו זײַ נאָר געזונד. געדענק, װעלװועלע, מען טאָר זיך מיט׳ן געזונד נישט שפּיעלען, האָסט דאָך געהערט דעם דאָקטאָרס װערטער: איצט קען מען עס נאָך גאַנץ גרינג פֿער־האַפּען, דער עיקר נאָר, דו זאָלסט זיך גוט „פּילגעװען״, אויב אָבער דו װעסט זיך ערשט נישט אַרומקוקען, קען זיך, חלילה, עפּעס מאַכען דערפֿון...

— גלויב מיר, שײַנדעלע, ס׳איז אונמעגליך. ס׳איז מיר שווער, כ׳קען נישט...

— כ׳וויל נישט, װעלװועלע, הערען מעהר. ס׳איז ניט קיין אומגליק, אַז דו וועסט אַרויספאָהרען אויף אַ פּיער־זעקס וואָכען, דער אויבערשטער וועט העלפען און דו וועסט ווערען געזונד און מיך וועט גאָט, חלילה, אויך נישט פערלאָזען... נאָר גענוג צו טענה׳ן, דו פאָהרסט אַרוים קיין אָטוואָצק און — גענוג!

— ביז הונדערט און צוואַנציג יאָהר, אַזאַ געטרײַ ווײַב, ווי דו ביזט, איז טאַקי, הערסט?... גלויב מיר, שײַנדעלע... נאָר כ׳זעה דאָך, אַז כ׳וועל מיט דיר גאָרנישט מאַכען... אַלזאָ איז ווען זאָגסטו זאָלען מיר בײדע אַרויספאָהרען אָנקוקען אַ שטיקעל אָרט, ס׳הייסט עפּעס אַ לײַטישען פּענסיאָנאַט?

— טאַקי הײַנט, כ׳וועל זעהען צו מאַכען הײַנט פריהער דאָס מיטאָג, כ׳וועל שיקען נאָך די שוויגער, זי זאָל שטעהן די עטליכע שעה אין קראָם, און מיר וועלען אַרויספאָהרען מיט׳ן צוג, וואָס געהט אַוועק דרײַ מיט עטליכע און פופציג, און פאַר־נאַכט וועלען מיר זײַן צוריק. אַלזאָ, װעלװועלע, אַזוי בלײַבט עס.

— גלויב מיר, שײַנדעלע... נאָר דיך איז דאָך נישט איבערצושפּאַרען, הע, הע... מילא — פערפאַלען, איז, הייסט עס, פאָהרען מיר...

אַזוי האָבען זיך אויסגעשמועסט מאַן און ווײַב, ר׳ וועל־וועלע און זײַן ווײַב שײַנדעלע, אין אַ הײסען זומער־טאָג און נאָכ׳ן מיטאָג האָבען זיי זיך בײדע אויפגעזעצט אויף אַ דראָשקע, אַראָבגעפאָהרען צום נאַדוויסליאַנער וואָקזאַל און אַוועק מיט דער באַהן קיין אָטוואָצק זוכען אַ לײַטישען, אַ רעלטען פּענסיאָ־

נאַט, וואו דער שוואַכער יונגערמאַן, וועלוועלע, זאָל זיך פּאַפּראַ־
ווען זיין ליעבען געזונד...

---

## II.

דאָס פּנ'ר פאָלק, וועלוועלע און שײַנדעלע, בלאָנקען אַרום שוין מעהר ווי אַ שעה איבער די אָטוואָצקער ראַטשע־שאָסעען און זומער־וואָהנונגען, און קאָנען זיך אַלץ קיין אָרט נישט צו־קלויבען.

פון איין פּענסיאָנאַט אַרויס, אין צווייטען — אַריין. פון יע־דען פּענסיאָנאַט לויפט דער בעל-הבית אָדער די בעל־הבית'טע די וואַרשאָווער געסט אַנטקעגען און מען צופרעגט זיך און מען צושמועסט זיך און מען שליסט תיכף בעקאַנטשאַפט, באַלד ווערט מען צווישען זיך „שטיקלעך" משפחה, איינער נישטערט דורך דעם צווייטענס יחוס און געפינט דאָרט דעם פעטערס אַ בייטש־שטעקעלע...

און די שמחה מיט דער גדולה איז אַזוי גרויס — אַי־אַי־אַי!..

— זענען זיי, הייסט דאָס, טאַקי?... זיי זענען מיר באַלד געוועזען אַזוי „קענטליך", נאָר כ'האָב מיך נישט געקאָנט דערמאָה־נען ווער זיי זענען. וואָס מאַכט עפּעס די פרוי... אפשר ווע־לען זיי טרינקען אַ גלעזעלע מילך...

— דאַנקע זעהר... ניין, ניין, ס'איז נישט נויטיג...

— ענטשולדיגען זי מיר, וואָס הייסט עפּעס, ס'איז נישט נויטיג?... אין אָטוואָצק איז דאָס וואָרט גאָרנישט פאַרהאַן... עסען און טרינקען, נאָר עסען און טרינקען, צי מען קאָן יאָ, צו מען קאָן נישט — דאָס איז נישט פאַרהאַן!... גלויבען זיי מיר, ווען איך זאָל געהן וואַרטען, ביז אַ „גאַסט" וועט אַליין דערמאָהנען, מען זאָל איהם דערלאַנגען עפּעס צו עסען, אָדער אַ גלאָז מילך — וואָלטען מיר טאַקי שענע לייט אויסגעזעהען, ס'וואָלט איהם טאַקי אַ סך „צוגעקומען", ווי מיינען זיי?..

טרינקען זי שוין אַ גלאָז מילך, לאָזען זיי זיך נישט בעטען...
— דאַנקע זעהר, דאַנקע זעהר...
— ביי מיר, פערשטעהען זי מיך, איז איינגעפיהרט, אַז מען מוז... זי פערשטעהען? אַז מען דערלאַנגט אַריין די „געסט” צו עסען, שטעהען מיר, איך און מיין מאַן, און מיר גיבען אַכטונג, מ'זאָל עסען, אינגאַנצען אויפעסען, גאָרנישט איבערלאָזען... זי פערשטעהען? מען מוז עסען און ס'איז גאָרנישט פאַרהאַן!... זי זעהען דאָרט דאָס יונגע ווייבעל, וואָס ליגט אין „האַמאַק” און קייט שאָקאָלאַד? וואָס זאָל איך איהן זאָגען, קרוינעשי, זי וואָלטען געדאַרפט אָנקוקען דאָס דאָזיגע ווייבעל מיט אַ וואָך צוריק, ווען זי איז אָנגעקומען צו מיר אין פּענסיאָנאַט, — היט אונז אָב, זיסער פאָטער! מילא, בלאַס און אויסגעמאָגערט, געל די הויט און איינגעשרומפּען, ווי אַ פאַרמעט, אַ שרעק, זאָג איך איהן, איז געווען אויף דעם ווייבעל צו קוקען!.. מיין מאַן, מוז איך זאָגען דעם אמת, האָט זי גאָרנישט געוואָלט האַלטען, איך האָב אויך נישט געהאַט קיין איבעריגען חשק דערצו: וואָס מען דערלאַנגט איהר, אַ ביסעל זופּ, אַ שטיקעלע הוהן, אַ ביסעלע קאָמפּאָט — דזשאָבעט זי דערפון אָב, ווי אַ פויגעלע, טהוט אַ נאָג און אַ פערקרים די ליפּלעך און רוקט אָב דעם טעלער — „כ'קאָן נישט מעהר”... וואָס זאָל איך איהן זאָגען, דאָס ווייבעל מיט איהר אויפפיהרונג האָט מיך געקאָסט געזונד. זי פערשטעהען? אַ גאַסט, אַז ער עסט נישט, און מאַכט קונצען ביי יעדע זאַך, פיהרט ער דערמיט איבער און מאַכט קאַליע די איבעריגע געסט, וואָרום אין אַ פּענסיאָנאַט — פערשטעהען זי מיך — פערקוקט זיך איינער אויף'ן צווייטען: זעהט איינער, אַז דער צווייטער עסט — סטאַרעט ער זיך נאָכצוטהון און אויך צו עסען, צו ער קאָן יאָ, צו ער קאָן נישט — דאָס איז נישט פאַרהאַן! און טאָמער פערקעהרט, איז חלילה פערקעהרט... אפשר זאָל איך הייסען אַרויסברענגען אַ קאַלבס־קאָטלעט?
— דאַנקע זעהר... ניין, ניין, כ'בין נישט הונגעריג. דאַנקע זעהר...
— הכלל, וואָס זאָל איך איהן לאַנג דערצעהלען, מיר —

אַז מיר נעהמען זיך אונטער — מאַכען מיר פון סקעלעטען — מענשען... כ׳האָב מיך אַ נעהם געטהון צו דעם ווייבעל טאַקי בגוואַלד. און זי זעהען דאָך: זי האט שוין, קיין עין-הרע, אַ שענע פאָר פונט צוגענומען... ביי מיר, פערשטעהען זי מיך, מוז מען עסען. צי מען קאָן יאָ, צי מען קאָן נישט — כ׳איז גאָרנישט פאַרהאַן...

אָט אַזעלכע געשפרעכען פלעגען זיך פערפיהרען אין יערען פענסיאָנאַט, וואו דאָס פּאָר-פּאָלק איז אַריין בלויז נאָר אַ „קוק טהון”, איינספרעגען זיך, „געניט” ווערען — מען קאָן דאָך נישט געהן האַפּען אין דער וועלט אַריין און גלייך דינגען!..

און אַז דער-בעל-הבית אָדער די בעל-הבית׳טע פיהרען שוין אַרויס דעם שמועס אויף אַ וועג מכח „דינגען”, הויבען זיך אויף דאָס פּאָר-פּאָלק, ווערלוועלע און שיינדעלע, און געהען זיך אַוועק אין אַ זייט מיישב זיין.

— ווי זאָגסטו שיינדעלע?

— און ווי זאָגסטו?

— כ׳ווייס... כ׳מיין, מען דאַרף זיך נישט איילען... ווי מיינסטו?...

— כ׳ווייס... לאָמיר פּרובען ערגעץ אַנדערש, ווי זאָגסטו?...

בלייבט עס אַזוי, און ווען דער בעל-הבית מיט דער בעל-הבית׳טע קאָנען זיך שוין ענדליך נישט איינהאַלטען און פרעגען:

— נו, וואָס בלייבט?

ענטפערט דאָס פּאָר-פּאָלק:

— מילא, מיר וועלען זעהען... דערווייל אַ גוטען טאָג.

אַזוי האָט זיך דאָס פּאָר-פּאָלק אַרומגעבלאָנקעט פון איין פענסיאָנאַט אין צווייטען; אומעטום געשמעקט, געפרעגט, „דער-גאַנגען” עפּעס, און אומעטום אַוועקגעגאַנגען מיט אַ תשובה: „מיר וועלען זעהען”... ביז גאָט האָט שוין רחמנות געהאַט אויף אונזערע לייט און אויף זייערע מידע פיס און האָט זיי אַריינגע-פיהרט, ענדליך, אין אַ פענסיאָנאַט, וואו זיי זענען שוין סוף כל סוף מוסכם און מושוה געוואָרען.

און אין אַ גליקליכע שעה איז דער מאַן װעלװעלע פער-בליבען אין פענסיאָנאַט, פאָפראַװען דאָס שװאַכע געזונד און גע-פאָלגט די װאַרשאָװער דאָקטױרים, װאָס האָבען איהם אָנגעזאָגט: למען השם, װאָס מעהר עסען, און װאָס מעהר מילך טרינקען. װאָס װעניגער זאָרגען און װאָס װעניגער האָבען אין זינען די הײַם מיט דעם עול פון דער הײַם... װאָס מעהר „נאָכגעבען" דעם זינדיגען חומר און װאָס מעהר „זאַבאַװען" זיך און פערגעניגען האָבען...

אַזױ האָבען געהײסען די װאַרשאָװער דאָקטױרים און אַזױ האָט טאַקי װעלװעלע דער מאַן געטהון...

---

.III

די בעל-הבית'טע פון פענסיאָנאַט, אַן'אַלמנה פון קרוב צו אַ יאָהר דרײַסיג, נאָר נישט קײן מיאוס און נאַריש װײַבעל, האָט געװאָרפען אַן'אױג אױף איהר גאַסט װעלװעלע.

אַ חרפה צו דערצעהלען: זי האָט זיך אין איהם פער-ליעבט איבער די אױערן...

װאָס האָט זי אַזעלכעס אין איהם דערזעהן?

אַ יונגערמאַן, װי אַלע יונגעלײַט, אַ בע'חנ'טער, מען קאָן זאָגען — אַ שענער, נישט קײן נאַר, און דאָס איבריגע — געה װײס דעם סוד פון „ליעבע!"...

און מען מוז מודה זײַן, אַז דאָס דיקע, שענע װײַבעל, די בעל-הבית'טע מיט איהר װײַסען האַלז און שעלמישע בליקען, מיט איהר חנ'דלען זיך צו איהם און דער שטענדיגער שמײכע-לע אויף איהרע ליפען מיט איהר אבהיטען איהם, װי אַן'אבן-טוב: „ר' װעלװעלע, אפשר דאָס? ר' װעלװעלע, אפשר יענץ?" — האָט געהאַט אויך אויף איהם אַ נישקשה'דיגע װירקונג און האָט ביסלעכװײַז זײַן האַרץ געפאַנגען...

„פערליעבט" — קאָן מען נאָך, חלילה, ניט זאָגען. גאָט בעהיט! אין דערהײם זיצט אַ געטרײַע װײַב אין קראָם און האָ-

רעָוועָט און פּראַצעָוועָט זוּן האָט אין זינען איהר ליעבּעָן מאַן, ער זאָל זיין געָזונד, די „לופט" זאָל איהם „דינעָן" און ער זאָל „צונעָהמעָן" וואָס מעָהר „פונטעָן" — טאָ ווי אַזוֹי קאָן דאָס אַ מאַן זיין אַזאַ אַכזר און געָהן „פעָרליעבּעָן" זיך אין אַ פרעָמד ווייבּעָל? נישט מעָהר, דעָר ווייסעָר האַלז, מיט די שעָלמישעָ בּליקעָן, מיט דעָם פעָרפיהרעָרישעָן שמייכעָלעָ, מיט דעָם חנ׳־דלעָן זיך: „ר׳ וועָלוועָלעָ, אפשר דאָס? ר׳ וועָלוועָלעָ, אפשר יעָנץ?" האָבּעָן דעָם יונגעָנמאַן געָבּראַכט דעָרצו, דאָס ער האָט שטעָנדיג געָהאַלטעָן אין איין צושמועָסעָן זיך מיט איהר, אין איין דעָרצעָהלעָן זיך מעשיות, הויכעָ און שטילעָ... און האָט זי נאָר געָהאַט אַ פרייעָ מינוט, זעָנעָן זיי שוין איינעָר פון צווייטעָן ניט אָבּגעָטרעָטעָן...

אין ווארשוי, וואו עָס זיצט זיין געָטרייעָ ווייבּ, וועָלכעָ האָרעָוועָט און פּראַצעָוועָט פאַר זיין געָזונד, וואָלט ער זיך, אמת, ניט עָרלויבּט אַזעָלכעָס, נאָר אַז גאָט העָלפט און מעָן זיצט אויף אַ דאַטשעָ, וואו מעָן פּאָפּראַוועָט דאָס געָזונד, מעָן האָט נאָר אין זינעָן דעָם זינדיגעָן חומר און מעָן פעָרגעָסט פּשוט אין דעָרהיים, און אין די, וואָס מעָן האָט איבּעָרגעָ־לאָזט אין דעָרהיים, — פרעָגט מעָן שוין ממילא אויף אַזעָלכעָ זאַכעָן קיין קשיא נישט.

---

קומט דעָר ליעבּעָר זומעָר־פּאַרנאַכט.

עָס עָרוואַכט דאָס דאַטשעָ־לעָבּעָן מיט זיין פולעָן גלאַנץ און שעָנקייט; די לופט ווערט קיהל און מחיה׳דיג; בּעָצויבּעָרט ווערסטו פון דעָם בּוימעָר־געָשמאַק און פויגעָל־געָזאַנג; לופט־קלאַנגעָן און פּאַנאָראַמעָ־פאַרבּ קאָנעָן דיין אויעָר און אויג נישט אָנזעָטיגעָן: הו — האַ, הו — האַ, ס׳טראָגט זיך אַנ׳עָכאָ פון ווייטעָן וואַלד... די דאַטשניקעָס האָבּעָן זייערע געָצעָלטעָן פעָר־לאָזט און מעָן לאָזט זיך אין ,גאָט׳ס פרייעָן וואַלד אריין מיט די האַמאַקעָס און וויעג־שטוהלעָן, מיט די קינדעָר און דיענסטעָן, וואָס טראָגעָן נאָך קריגלעָך מילך, מיט געָשמאַקעָ זיסעָ שפּייז

און קײַ־געצײַג די שוואַכע הערצער אונטערצולעהנען. די האַמאַ־קעס ווערען אין בוימער אנגעבונדען, די וויעג־שטוהלען — אויפ־געשטעלט. לעגט זיך די מאַדאַם אין האַמאַק, אויסגעצויגען ווי גרויס זי איז, מיט׳ן פּנים צום ברייטען, טיפען הימעל, נעבען דעם האַמאַק שטעהט דאָס קריגעלע מילך מיט דעם פעקעלע „גוטע זאַכען" גרייט: טאָמער וועט גאָט געבען און עס וועט זיך אויף אַ מינוט בײַ דער מאַדאַם דער אַפּעטיט דערוועקען — זאָל־זשע גלײַך דאָס קריגעלע מילך מיט די „גוטע־זאַכען" נאָהענט צו דער האַנד זײַן...

די זאַמדיגע שאָסעען און בוימער־אַלעען, וואָס פיהרען דעם וועג צו דער באַהן, זענען פול מיט שפּאַצירענדע: יונגע ווײַבלעך אין קאָלירטע שלאָף־רעק און ווײַסע רויטע יצר־הרע־בלוזקעס, לאָזען זיך צו דער באַהן שפּאַצירען, די פערהאָרע־וועטע, פערשוויצטע מענער אָבוואַרטען.

דער צוג קומט אָן.

ס׳בעוועגען זיך די קאָלירטע שלאָפרעק, עס קאָקעטירען די געפּאַרבטע בלוזקעס, ס׳רויטלען זיך און חנ׳רלען זיך די זאָרגלאָזע און גרינג־געמיטהיגע יונגע ווײַבערישע פּנימ׳לעך.

הו־האַ! הו־האַ!

אַ זאַמדיגער נעבעל פערדעקט די לופט. פערסאָפּעטע, פער־שוויצטע מענער קאַטשען זיך, ווי אַ לאַנגע קייט פון די וואַגאָנען־טרעפּלעך אַראָב פערשטויבטע, פער׳חושכ׳טע פון יאָגעניש צו דער באַהן, און פון דריקעניש און דרינגעניש אין די וואַגאָנען.

הו־האַ! הו־האַ!

אַנ׳אַרומהאַפּעניש, אַ געקושערײַ, אַ געהאַלזערײַ. יעדער האָט זיך ס׳זײַניגע געפונען און פון דער געדיכטער טומלענדיגער מחנה ווערען לאַנגע שורות „פּאָרלעך" אָבגעטיילט, וואָס לאָזען זיך צוריק אין די זאַמדיגע שאָסעען און בוימער־אַלעען: אַ פער־שוואַרצט, שוויים־פערברודיגט פּנים נעבען אַ פּודרירט ווייס יונג ווײַבעל־געזיכט; אַ פערשטויבטער, זאַמדיגער ראָק — נעבען אַ קלאָר־ווײַסע, קאָקעטישע בלוזקע... איין שמייכעל, איין חנ׳דע־לע פון דער ווײַסער בלוזקע און דער פערשטויבטער ראָק קוועלט

פון נחת, גלײַך פערגעסט ער אין זײַן שווערע האָרוואַניע, זײַן נישט דערעסען און נישט דעררוהען דאָרט, אין דער טומלענדיגער שטאָדט; גלײַך פערגעסט ער אין זײַן פּראַצע און האָרעוואַניע אין דעם גלות-ראַטשע, וואָס גאָט האָט אויף איהם אָנגעשיקט, און וואָס אָט ערשט, פאַר עטליכע שעה, ווען ער האָט זיך דאָרט, אין דער הייסער שטאָדט אין שווייס געבאָדען און מיט אימפּעט צו דער באַהן געלאָפען, האָט ער עפּעס דאַן אַ מורמעל געטהון און געקרעכצט פון דעם שווערען עול... גלײַך פערגעסט ער דאָס איצט. איין שמייכעלע נאָר, איין חנ׳דעלע פון דער ווײַסער בלוזקע, וואָס געהט ערשט נעבען זײַן פערשטויבטען ראָק אָנגעלעהנט און — נאָך דרײַ מאָל איז ער גרייט אַזוי שווער צו האָרעווען, אין שווייס זיך באָדען, און זײַן אשה-היל אין דער ווײַסער בלוזקע, וואָס האָט ערשט טויזענד חנ׳ען, מיט אַלראָס גוטס צו פערזאָרגען...

איין שמייכעלע נאָר, איין חנ׳דעלע!...

IV.

פאַרנאַכט. דער עולם האָט זיך אין וואַלד אויסגעזעצט. געזינדלעך. שכנים, יעדע האָט זיך אַ באַזונדער קרײַזעל געבילדעט. און אין קײַלעכיגע רעדלעך זיצען זיי איינער צום צווייטען צוגעטוליעט, איין קאָפּ אויפ׳ן צווייטענס פּלייצע אָנגעלעהנט. עס פאָכען די בוימער און בלאָזען אויף די מידע, שווער-אָטעמדיגע אויסגעצויגענע קערפּער. אַ קיהל ווינדטעל, אויסגעמישט מיט בוימער-געשמאַק און וואַלד-ריח, שפּאַצירט לאַנגזאַם איבער׳ן וואַלד דורך און וואַרפט אַ זיסען דרעמעל אויף די אָנגעלעגטע פערוואָרפענע פנים׳ער, און קלעבט אַנ׳אויג צו אַנ׳אויג צו...

שטענדיגער ווערט דער וואַלד, קלעביגער — די אויגען; אָט גנב׳עט זיך אַ יונגערמאַן אַרויס פאָרזיכטיג פון דער קרײַזעל אויסגעצויגענע צוזאַמענגעשלאָסענע קערפּערס, אין וועלכע ער

איז ביז יעצט, ווי אַרומגעצוימט געווען און גלייך ווי ער איז דאָ גאָרניט אויסען; קאַטשעט ער זיך פאַמעליך, לאַנגזאַם אויף דער וואַלד-ערד, און ווי ביי אַ גנב לויפען ביי איהם די אויגען אַרום! קריכט ער מיט'ן קערפער און קאַטשעט זיך אויף דער ערד אַהין, אַ ביסעל וויטלעך אין וואַלד אַוועק, איבעריאָגען די קרייזלעך, די קופקעלעך אויסגעצויגענע מענשען, וואָס זענען האַלב וואַך און האַלב דרעמעלדיג, און זענען עפּעס ווי אַ שטע-רונג פאַר איהם.

קאַטשעט זיך אין דערזעלבער בין-השמשות-צייט אַ די-קער קערפער פון אַ יונג אָנגעגאָסען ווייבעל, וועלכעס האָט זיך פון איהר קרייזעל ווייבער; און שכנ'טעס אַרויסגע'גנב'עט און פאַמעלעך, פאָרזיכטיג, מיט אויגען פון אַ גנב, גלייך ווי זי איז גאָרניט אויסען און האָט קיין שלעכטע כונה נישט, שלענגעלט זי זיך הייט אין וואַלד אַוועק, איבעריאָגען די קרייזלעך און די קופקעלעך אויסגעצויגענע מענשען, וואָס זענען האַלב וואַך און האַלב דרעמלענדיג, און זענען עפּעס ווי אַ שטערונג פאַר איהר...

— פויגעלע מיינס...

— טייבעלע מיינס...

און פון אונטער דעם שאָטען פון געדיכטען וואַלד-בוים קלינגט אָב דער ווידער-קול פון אַ צונויפגעפרעסטען גע'גנב'ע-טען קוש...

— פויגעלע מיינס...

— טייבעלע מיינס...

---

דאָס דאַטשע-אויג שלאָפט ניט, דאַטשע-ווייבער זעהען אַלץ, אַלץ זעהען זיי...

אַ קאָפּ נאָך אַ קאָפּ הויבט זיך שטיל פון דער ערד אויף, די האַלב-פערמאַכטע אויגען עפענען זיך און מען קוקט זיך אַ רגע שטיל אָן איינס דאָס אַנדערע מיט אַ חיטרע שפּיאָן-אייגעלע און אַ גנב'יש שמייכעלע. און דאָס שמייכעלע טהוט בעדייטען,

ווי איינער וואלט צום צווייטען געזאגט: „וואס מיינסטו, איך בין א ליעקיש?.. העיהע, איך פערשטעה מיך אויף א זעלכעס... איך האב געזעהען, אלץ געזעהען...

און, שמייכלענדיג, בויגט זיך איין מויל צום צווייטענס אויער צו, און אין דער שטילער, טונקעלער וואלד-לופט טראגט זיך א שושקעריי און סוד'עריי!..

— האסט געהערט?...

— א שאלה, כ'לעבען... דאכט זיך, דארט, צווישען יענע וואלד-בוימער...

א יודענע אין א לאנגען שלאפראק מאכט א בייזע מינע, ווי מען וואלט איהר א שטייגער אט ערשט די פרנסה צוגענומען, און שפייט-אויס:

— טפו זאלען זיי ווערען!... קוש-וואך!... ווי מען שעמט זיך דאס ניט פאר מענשען...

— אנגלערנען דארף מען זיי, די דאזיגע הולטייעס!...

— שאט, שאט, מאכט ניט קיין ליארם — בעט זיך איינער אין א וועליסאפעדען-היטעלע — טאמער איז דאס גאר מאן-און-ווייב? חא-חא-חא...

— ע, דרעהט ניט קיין קאפ... מען דערקענט... מען קען שוין די חברה-לייט... קומט, לאמיר צוגעהן!:..

— שטיל, פאמעלעך... נאר אהן ליארם... אוי, ווי שען וועט דאס זיין, אז מען וועט זיי פאקען...

— חי-חי-חי...

שטעלען זיך עטליכע מאנסלייט אויף די פים און מיט מינעס פון העלדען, וואס געהען דא גאט ווייסט, וואס פאר א גבורות בעווייזען, לאזען זיי זיך אויף די שפיץ-פינגער צווישען די בוימער געהן. נאך זיי, פון הינטען, געהען-נאך עטליכע ווייבער אין שלאף-רעק, וואס האלטען זיך אן ביי די הענד און ווינקען מיט די אויגען און קנייפען זיך די ארעמס און אין די העלזער שטיקט זיי א חי-חי-חי...

נעהענטער קלינגט א קוש אב, מיט צארטע ליעבע-ווערטער בעגלייט...

נאָך עטליכע טריט, אָט נאָך איין שפּרונג, און דער בּוים איז שוין אַרומבּעלעגערט. — — — — — — — — — — —

— געפּאַקט די „חברה־לייט"!...

— פּע... טפו... שעמען זאָלט איהר זיך אין אייער ווייטען האַלז אַריין!...

— הולטייעס, ימח־שמוניקעס!... אַ בּראָך צו אייער מאַ־מען!...

— אַ כּפּרה זאָלט איהר זיין פּאַר מיר און פּאַר כּל ישראל!...

— האַלט זיי! האַלט זיי!... ווער איז דאָס דער „תּלשיט"?..

— אוי, אַ קלאָג צו מיר!... אַלע מיינע בּייזע חלומות...

— חי־חי־חי! אַ שען „פּאָר"!...

— די בּעל־הבּית'טע פון פּענסיאָנאַט און דער דאָרטיגער גאַסט, וועלוועלע...

---

פון דאַמאָלס־אָן ווייסט מען ניט, וואו זייער געבּיין איז אַהינגעקומען... די חצופה האָט צייט עטליכע טעג אַלץ צוטראָ־גען, דער יונגערמאַן, דער תּלשיט, האָט געהאַפּט דאָס בּיסעל גאַנצע בּיינער און איז אַוועק אַהיים צו זיין געטריי ווייב, וואָס האָט נאָך דאָרט, נעבּעך, פון קיין זאַך ניט געוואוסט, און האָט אַלץ פון שטוב אַרויסגערוימט. אין עטליכע טעג אַרום זענען זיי בּיידע, „ער" און „זי", נעלם געוואָרען...

— און עד היום ווייסט מען ניט, וואו זייער געבּיין איז אַהינגעקומען... זאָגען זאָגט מען, אַז זיי זענען אַוועק ערגיץ אין אַלדע שוואַרצע יאָהר אָדער גאָר אַריבּערגעהאַפּט זיך די גרענעץ, דער טייוועל ווייסט וואו! — זיי האָבּען זיך ערגעץ — זאָגט מען, אַ האָטעל געעפענט...

אַ ווערטעלע „דאַטשע"! אַלע אומגליקען שטאַמען פון דאָרט!
נאָר דאָס דאַטשע־אויג שלאָפט ניט, דאַטשע־ווייבּער זעהען אַלץ, אַלץ זעהען זיי!...
השם ישמרנו!

⊷⊷⊷

# אין אַנ׳עֶם־קאָלאָניעֶ.

## I.

אַז איהר וועט אַראָבשטײַגעֶן אין יוזעֶפאָוו, זאָלט איהר זיך אַוועֶקשטעֶלעֶן מיט׳ן פּנים קיין קאָרטשעֶוו און זיך אַ נעֶהם טהון רעֶכטס, דאָרט זאָלט איהר מוחל זיין איבּעֶרהאָפּקעֶן אַ הײַסעֶן זאַמדיגעֶן וועֶג, פעֶרקירעֶוועֶן זיך אין דעֶר עֶקסטעֶר אַלעֶע, וואָס איין זײַט קוקט אַרוים אויף אַנ׳אָפעֶנעֶ לאָנקעֶ. צעֶהלט־אָב אַ צוויידרײַ ווילעֶס. פאַרטיג? שטעֶלט זיך אָב און הויבּט־אויף די אויגעֶן, איהר זעֶהט אַ רויט שילדעֶל „פּעֶנסיאָנאַט״?

דאָס איז, רבּותי, די „עֶס־קאָלאָניעֶ״, וואוהין איך בּין פעֶרשיקט געֶוואָרעֶן אויף דעֶר צײַט פון מײַן „אורלויב״.

אין פלוג איז אַ „פּעֶנסיאָנאַט״ אַ דאַטשעֶ מיט אַלעֶ דאַטשעֶס צוגלײַך, מיט ליעֶטניקעֶס און מיט אַ גראַמאָפאָן און מיט די איבּריגעֶ מכּשירים, און דאָך איז זיך עֶס אַ גאַנץ בּעֶזונדעֶר וועֶלטעֶל מיט אײַגעֶנעֶ מנהגים און בּעֶגריפעֶן, מיט אַ בּעֶזונדעֶרעֶ וועֶלט־אַנשויאונג, אַנ׳אײַגעֶנעֶם קוק אויפ׳ן לעֶבּעֶן און אַפילו צַנ׳אײַגעֶנעֶ אָריגינעֶלעֶ שפּראַך.

אָט דאָ, בּײַ דעֶר שוועֶל פון אַרײַנגאַנג, וואו עֶס הענגט דאָס רויטעֶ שילדעֶל, שטעֶהט דעֶר שר־של־שכחה אויף דעֶר וואַך און קומט דעֶר „גאַסט״ אַהעֶר, דעֶרלאַנגט עֶר איהם אַ שנעֶל אין דעֶר אויבּעֶרשטעֶר ליפּ: „פּעֶרגעֶס, דו מעֶנש, אָן שטאָדט און הײַם, אָן קינד און קראָם, און קום און — עֶס געֶבּראָטעֶנעֶ קאַטשקעֶ״...

דאָס איז דעֶר עֶרשטעֶר תּנאי, וואָס עֶס דאַרף עֶרפילעֶן

דער, וועמען דאָס מזל האָט דאָ אַהער געשיקט אויף אַ חודש און אַמאָל, חלילה, אויך אויף צוויי.

און יאָ. מיר פערזיכערן אייך, דאָס מיר ערפילען טריי און עהרליך אונזער אויפגאַבע. מיר פערגעסען אָן אייך, נאַלעווקי און געגשאַ-יודען, מיט אייערע עסקים, מיט אייערע וועקסלען און פּראָטעסטען און אשר-יצר-פּאַפּירלעך און נעכטיגע טעג. פון אונזערט-וועגען טהוט זיך דאָרט, וואָס אייך געפעלט: צאָהלט יאָ, צאָהלט ניט, כאָרגט יאָ, באָרגט נישט. האָט קיין פעראיבעל, איהר קענט זיך דאָרט אַלע שלאָגען קאָפּ אָן קיטען, נישט אונזער זאַך!

מיר האָבען זיך נישט אין זינען, נישט אייערע נייעסען, מיט אייערע גאַזעטען. בנוגע צו אונזער מיסיע, וואָס מיר ערפילען דאָ, איז אונז נישט קיין גרויסע נפקא-מינה, צי ס'איז ערגעץ אין אַ סטאַמבול, ביי אַ שרפה, צווישען די איבריגע זאַכען אויך פערברענט געוואָרען צוויי-הונדערט-פערציג חזרים און צי איז ערגעץ אין אַ פּאַריז דערטרונקען געוואָרען דאָט שענסטע מיידעל.

זייט אונז טויזענד מאָל מוחל. מיר האָבען דאָ ביללערע עסקים, און צוליעב אייערע נאַרישקייטען זענען מיר קיין „דרוגי שנאַדאַניע" נישט מחויב צו פערפעהלען.

איהר פערשטעהט, צי ניין? „נאַ פּאָפּראַווקע" זענען מיר אַהער געשיקט געוואָרען!

אונזער „עס-קאָלאָניע" בעשטעהט פון אַ דרייסיג נפשות פון פערשידענע סאָרטען: בעיאָהרטע מענשען, וואָס פערמאָגען צוביסלעך „צוקער" און צוביסלעך „זאַמד", עטליכע פּליטה-סוחרים, וואָס וואַרטען-איבער „עד שיעבור זעם", ביז די בעלי-חובות וועלען זיך אַ ביסעל אָבקיהלען און בינו לבינו האַפען זיי דערוויילע אַריין אַ„פּאָפּראַווקע"; אַ פּאָר כלה-מיידלעך, וואָס ווילען צו דער חתונה גוט אויסזעהען; אַ יונגער-מאַן, מיט אַ „פערצווייפעלט" בייכעל, דאָס הייסט אַזעלכער, וואָס לעבט אין ספק, צי זיין בייכעל איז שוין ראוי, מ'זאָל עס טראַנספּאָרטירען נאָך מאַריענבאַד אָדער נאָך נישט, און בכדי צו בעוואָרענען זיך פון יעדען חשש, האָט ער עס אַהער געבראַכט פריהער אין אונזער פּענסיאַנאַט

אַ בּיסעל אונטערצופּאַשען; אַ ליטוואַק, אַ קאָמי-װאָיאַזשאָר, װאָס האָט זיך בּעת דער הפסקה אויף דער רײַזע אַראָבּגעחאַפּט אַהער „גולאַיען“; און אויך אַ נײַנציג-יעהריגע יודענע, װאָס װיל טהון צו-להכעיס איהרע יורשים און איז נאָך להוט צו בּע׳גנבע׳נען די װעלט מיט אַ פּאָר „פּונט“...

װי איהר זעהט, זענען מיר דאָ אַ געמישעכץ פון פערשיע-דענע מינים, זאָלט איהר אָבּער זעהען װי מיר לעבּען צווישען זיך!

בּײַ אײַך דאָרט זאָגט מען, אַז די טבע פון אַ צרה איז, דאָס זי טהוט פעראײַניגען מענשען. מיר װעלען זיך ניט שפּאַרען מיט אײַך. ס׳קאָן זײַן, אַז ס׳איז אמת. נאָר צו דער טבע פון עסען קומט עס געװיס נישט. אויב איהר װילט האָבּען חאָטש אַ שטיקעל בּעגריף פון דער זאַך, װאָס מ׳רופט עס „אַחדות“, זאָלט איהר מוחל זײַן אַ קוק טהון אויף אונזער געזינדעל, בּשעת מיר זעצען זיך צום טיש. איהר װעט דאַן זעהען אַנ׳אַחדות און אַ צונויפגעבּונדענקײַט! מען שמײַכעלט זיך אין די אויגען אַרײַן, און מען רוקט זיך אײנס ס׳אַנדערע אונטער די טעלערלעך און מען עסט זיך פון די פּיסקלעך און מען װינשט זיך צו די אַפּעטיטען און מען קלאַפּט זיך גוט-בּרודערשאַפט אָן די פּלײצעס: „עסט!“ און זאָל אײנער פערשפּעטיגען מיט פינף מינוטען צום טיש, בּע-גענענט איהם גאַנץ קהל מיט אַ בּרוגז׳דיגע פּרעטענזיע און אַלע טהוען איהם אַ װײַז זײַערע זײגערס מיט פּאָרװירפע: „האַ, חבר, װאָס איז דאָס?“ װען מען זאָל בּײַ אײַך, למשל, דאָרט אײנעם פּאַקען נישט פּאַסטען אום תשעה-בּאב, איז עס געװיס נישט אַזאַ גרױסער חטא, װי בּײַ אונז אין דער קאָלאָניע, אַז מ׳פערשפּע-טיגט צו עסען.

אָט דאָס איז דער כּח פון אחדות און קוצעניו-מוצעניו, װאָס װערט בּײַ אונז שטאַרקער פון טאָג צו טאָג. װאָרום בּשעת אפילו מיר עסען נישט, רײדען מיר פון עסען. קײן פרעמדע זאַכען, װעלכע זענען מסוגל אַרױסצורופען אַ פּירוד, איז כּמעט נישט פאַרהאַן בּײַ אונז. װעגען עליות און מפטיר קריגען מיר זיך נישט, מחמת ס׳איז דערױף גאָר פּשוט קײן בּעלנים נישט; און קוים, מיט דוחק, װערט שבּת אַ מנין צונױפגעשלעפּט.

ניין, אין דערהיים ווי אין דערהיים. נאָר דאָ זענען מיר נישט קיין אַמאַטאָרען אויף אַזעלכע מעשים און אין אונזער לעבען פערנעהמען זיי קיין אָרט נישט. די אמת׳ע פאַקטאָרען, וועלכע שטופען דאָ דעם ראָד פון אונזער געשיכטע, זענען דריי זאַכען סך-הכל: אַ גלאָק, אַ הושדאַוואַקע און אַ וואָג. דער גלאָק רופט צו דער אכילה, די הושדאַוואַקע פערדרייעט דאָס אַלטע און וועקט דעם אַפּעטיט צום פרישען און די וואָג דיענט אונז פאַר אַ וועג-ווייזער און זאָגט אונז דעם חשבון, וואו מיר האַלטען ערגעץ אין דער וועלט...

דער עיקר אָבער איז דער גלאָק. מיר קענען אייך כמעט זאָגען אויף זיכער, דאָס מיר לעבען דאָ נישט לויט אונזער אייגענעם שכל און עסען נישט לויט אייגענעם ווילען, נאָר לויט׳ן שכל און ווילען פון גלאָק, ער רעגולירט אונזער צייט און שלאָף. ביי אייך דאָרט, למשל, ווערט איינגעטיילט דער טאָג אויף „פאַר׳ן דאַוונען" און „נאָכ׳ן דאַוונען" פאַר „מנחה ומעריב" און נאָך „מנחה ומעריב". מיר האָבען דאָ אַנ׳אַנדערע טערמינאָלאָגיע. מיר רעכענען דעם טאָג-חשבון לויט „פריהשטיק" און „דרוגי שנאַ-דאַניע", „אָביאַד" און „פּאָדוויעטשאָרעק" און „קאָלאַציע", דאָס איבריגע געהערע שוין צו דער הושדאַוואַקע און צו דער וואָג.

אונזער שפּראַך איז דאָ זעהר אַ קורצע, דאָס הייסט, ריידען ריידען מיר דוקא אַ סך, זי בעשטעהט אָבער פון זעהר אַ קליינע צאָהל ווערטער. אויסער די נעמען פון די מאכלים, וואָס געפינען זיך אויף גאָט׳ס וועלט, שפּיעלען די הויפּט-ראָלע צוויי ווערטער וואָס געהען נישט אַרויס פון מויל, דהיינו: „יאַדלעם" און „סמאַטשניעגאָ", דערהויפּט אָבער דאָס ערשטע וואָרט מיט זיינע „סקלאָניעניעס", וואָס געהען זיך פונאַנדער אויף פערשיעדענע ווייטען.

יאָ, פאַרנאַכט בין-השמשות-צייט, ווען מען ליעגט אין האַמאַק, קומען צו נאָך עטליכע ווערטער, נאָר יענע געהערען שוין איינענטליך צו אַנ׳אַנדערע שפּראַך...

# II.

## „שקאָדאַ״.

אַ הויכער יונג מיט ביינער, מיט אַ ווייסער רובאַשקע און מיט אַ פּאָר שמאָלע פערשוויצטע וואָנסען, אַ ליטוואַק מיט אַ קאָמי־וואָיאַזשאָרסקען פּיסקעל — דאָס איז דער „הויף־מאַרשאַליק,״ דער קאָמיקער פון אונזער קאָלאָניע.

אַ סברה, דאָס דער בעל־הבית פון אונזער פּענסיאָנאַט האָט איהם ספּעציעל אַנגאַזשירט, געלאָזט איהם ביליגער פון פּרייז, בכדי צו „באַוויען״ די געסט.

אין אַ פּענסיאָנאַט, פערשטעהט איהר מיך, וואו מ׳האַלט אין איין צו־טראַכטען פערשידענע מיטלען, ווי אַזוי צו קאָר־מענען די קאַפּריזנע מעלה־גרה׳ניקעס און קיצלען זייער אַפּע־טיט, איז אַ קאָמיקער איינס פון די נויטווענדיגסטע זאַכען, ש׳ער נישט, להבדיל, ווי אַ וואָג און אַ הושדאַווקע.

בעלות, ווען אַלץ איז נאָך פערזונקען אין אַ זאַטען שלאָף, שפּרינגט שוין אַרום דער ליטוואַק אין דער רובאַשקע איבער׳ן וואַלד אין גראָז, טאַנצט און פייפט און זינגט: „האָט אַ יוד אַ ווייבעלע״. באַלד הויבען זיך אָן צו עפענען די לאָדען און פענ־סטער און עס ווייזען זיך האַלב פערשלאָפענע קעפּ פון ווייבער און מיידלעך און עס לאָזט זיך הערען דער ערשטער פרישער פריה־מאָרגען־געלעכטער:

— ליטוואַק! הי־הי־הי. פּאַניע ליטוואַק!...

און איינציגווייז נעהמען זיך אַרויסשיטען די אויפגעשטאַנע־נע, אַרומגעוואַשענע געסט פון די נומערן; יעדער קומט אַרויס מיט אַ טאַנץ און מיט אַ קוויטש:

— ליטוואַק! דזיען דאָברי, פּאַניע ליטוואַק!

און אין אונזער קאָלאָניע שטעלט זיך דער פרעהליכער טאָג.

— אַנ׳אײַזערנע גבורה האָבען זיי, די ליטוואַקעס — ריי־

רען צוהיישען זיך די מאַנספערשוינען און קוקען מיט קנאה אויפ'ן ליטוואַק, וואָס האָט אַזאַ אונגעוועהנליכען ערפאָלג ביי חוה'ס טעכטער.

ער איז דער צענטער און אַלץ קאָנצענטרירט זיך אַרום איהם, אַלע ווייבער און מיידלעך זענען ווי צוגעקלעבט אין איהם און פון די דערביייאיגע עס-קאָלאָניעס קומען יעדען טאָג אַהער אַנדערע געסט אַ קוק טהון אויף איהם און באַווייען זיך אין זיין געזעלשאַפט.

קלינגט דער גלאָק, ווערען אַלע ערטער ביים טיש פער- חאַפּט, דער ליטוואַק אויבענאָן און חברה — אַרום. און אָט דאָ הויבט זיך אָן די אמת'ע פרעהליכקייט; דער ליטוואַק נעהמט שיטען מיט וויצען און מעשה'לעך, אַלץ וואָס ער האָט גענאַשט און אָנגעהערט זיך פון זיינע קאָלעגען, וואָיאַזשאָרען, פאָדרעזנדיג אויף דער רייזע! די ווייבער ווערען רויט, די מיידלעך קעהרען אַוועק די פנים'ער, פערשטעלען זיך די אויגען און שטיקען זיך חאַ-האַ-חאַ, און חי-חי-חי... די מעהר אַריסטאָקראַטישערע „פאַננעס" פאָכען מיט די הענטלעך, בלאָזען מיט די ליפּען ווי בעליידיגטע: פוי, פוי!... נאָר אַז זיי פערפעהלען צו הערען אַ וואָרט, בויגען זיי זיך צו נעהנטער און פרעגען זיך איבער נעבּיך זעהר תמ'וואַטע:

— צאָ? צאָ פאַן ליטוואַק פּאָוויעדזשאַל?...

און אַ מאָדנע זאַך, איז'ן איז ער דאָך אַ גאַנץ קנאַפּער דזשענטעלמען, וויים נישט פון קיין העפליכקייט און פון קיין איידעלקייט, בעליידיגט די מיידלעך און די ווייבלעך און פער- טשעפּעט זיי אויף יעדען שריט, מאַלט פון זיי אין די אויגען הוכא-וטלולא, און פינדעסטוועגען טרעטען זיי איהם נישט אָב אויף אַ רגע.

— העי, קאַטשקעס! — טהוט ער צו זיי אַ קאָמאַנדעווע מיט'ן פינגער, אַוועקשטעלענדיג זיך מיט די הענד „פּאָ באָקאַם" און אַלע ווי איינע לויפען זיי איהם נאָך און נעהמען אָן פאַר ליעב אַלע זיינע בעליידיגונגען.

— אַ כח פון אַ ליטוואַק — הויבען די מאַנספערשוינען

מיט די פּלייצעס און קוקען איהם נאָך, ווי ער פיהרט זיך אַרום מיט דער חאַלאַסטערע...

— ווי הייסט ער? ווער איז ער?

ס'הויבט קיינער נישט אָן צו וויסען. מ'קאָן ביי איהם זיין אמת'ן נאָמען נישט דערגעהן, און פון וואַנען ער איז, וויל ער אויך נישט זאָגען. אַ ליטוואַק! — און גענוג.

און אַז זיין סראַק פון עסען האָט זיך געענדיגט, האָבען איהם ביז אַ דרייסיג שטיק מיידלעך און יונגלעך בעגלייט צום וואָקזאַל, נאָכגעטראָגען זיין טשעמאָדאַנטשיק און אפילו בלומען געקויפט איהם.

— דאָ וויעדזיעניא פּאַניע ליטוואַק, דאָ וויעדזיעניא! — האָבען געקלונגען בעגייסטערט די מיידלעשע שטימען און נישט אויפגעהערט צו פאָכען מיט די ווייסע טיכלעך אין דער לופט.

און ווען דער צוג האָט זיך געריהרט פון אָרט, האָט דער ליטוואַק אַרויסגעבויגען דעם קאָפּ דורכ'ן וואַגאָן-פענסטעריל און אַלעמען געוויזען אַ לאַנגע, אַרויטע... צונג.

די ווייסע טיכלעך האָבען זיך פערשעמט אַראָבגעלאָזט, עס האָבען זיך געלאָזט הערען שטאַרקע פּראָטעסט-שטימען, אַלע זענען שרעקליך אויפגערעגט געוואָרען פאַר אַזאַ „נישט-איידעל-קייט" און בעליידיגטע, אַנגע'ברוגז'טע האָבען זיי זיך אומגע-קעהרט פון וואָקזאַל אַהיים.

פאַרנאַכט, נאָך קאָלאַציע, ווען מ'איז געלעגען און געוויגט זיך אין די האַמאַקעס, האָבען זיך די מיידלעך געשעפּטשעט, גע-קוקט מיט אָפענע פערטרוימטע אויגען אויפ'ן ברייטען הימעל און געזיפצט אויפ'ן ליטוואַקס אַוועקפאָהרען:

— יאַקאָדאַ, טאַקיע פּאָזשאָנדנע טשלאָוויעק...

## III.

# פון שרעק.

ווען זי איז געזעסען צונויפגעקוועטשט און איינגעקלעמט אין דעם פול-געפּאקטען וואגאן און ארויסגעשטעקט דעם קאפּ דורכ'ן פענסטערל, זענען געשטאנען אנטקעגענאיבער, אויף דער פּלאטפארמע אונטער די שטאלעטען, א האלבע משפחה פון מוהמעס מיט שוועגערינס, געשאקעלט צו איהר מיט די קעפּ, גע־מאכט מיט די הענד, און נישט אויפגעהערט צו שרייען:

— למען השם, דבורה'לע, נאר עסען! וואס מעהר עסען!

— און ליעגען א סך! א סך, דו הערסט!

— און מילך! א סך מילך מיט אייער און פּאמעראנצען, פּאמעראנצען גיט-צו בלוט!

און איין מוהמע, א גראבע יודענע מיט א צושמירט שוויצענדיג פּנים, אין א ברייטע סאמעטענע פּעלערינע האט עפּעס מאדנע אונטערגעטאנצט, זיך פונאנדערגעבלאזען ווי אנ'ענדיק, צונויפגעשפּרייט ברייט די הענד, ווי זי וואלט גענומען א מאס אויף א טאליע, און געקוויטשעט לאכענדיג און הייזעריג:

— אט אזוי א, דבורה'שי זאלסטו מיר אהיים קומען! זאלסט מיר נישט קענען אריין אין דער טהיר!...

און אז דער צוג האט זיך גירירהרט, זענען נאך אלץ די מוהמעס נאכגעלאפען, געפּאטשט מיט די הענד און געשריען:

— למען-השם, דבורה'לע, וועג דיך! גלייך ווי דו וועסט אראבגעהן פון דער באהן, זאלסטו נישט פערגעסען זיך איבער־צעוועגען!...

דבורה'לע האט אויף אלעם ערנסט צוגעשאקעלט מיט'ן קאפּ, געגומען זיך אלץ גוט אין זינען אריין און געפאלגט.

ווי נאר זי איז אראבגעשטיגען אין יוזעפאוו, האט זי גע־לאזט ליעגען דאס גאנצע ביסעל געפּעק אין וואקזאל, געבעטען

עמיצען אַלטונג צו געבען דערויף, און אַליין איז זי אַ סאָפּענדי־גע פון אימפּעט אַריינגעלאָפּען אין קאַנטאָר, וואו מ'פּערקויפט צייטונגען און מ'וועגט די לעטניקעס, און אהן שום ווערטער זיך אַ שטעל געטהון אויף דער וואָג.

דאָס קאַנטאָר־פרייליין האָט שוויינענדיג אַ קוק געטהון אויף איהר, אַ ציה געטהון דאָס צינגעל פון דער וואָג, ערנסט איינ־געקוקט זיך דערין און קאַלטבלוטיג, קאַנצעלאַריש־שטרענג אַרויס־געבּרומט און אָנגעשריבען אויף אַ קוויטעל:

— הונדערט אַלט און נײנציג פונט.

— גלייכע?

— גלייכע — האָט דאָס פרייליין אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ.

דבורה'לע האָט גענומען דאָס קוויטעל, לאַנגזאַם עס צו־נויפגעלעגט, פאַרזיכטיג, מיט ציטערדיגע פינגער בעהאַלטען עס אונטער'ן בוזעם און פערפאָהרען מיט די זאַכען אין פענסיאָנאַט.

אויפ'ן וועג האָט זי עטליכע מאָל אַרויסגענומען דאָס קווי־טעל, ווי זי וואָלט מורא האָבען, הלילה, פאַר אַ טעות, און יעדעס מאָל איבערגעלייענט: דער $^3|_6$ טען 198.

— הונדערט אַלט און נײנציג. — האָט זי נישט אויפגע־הערט די גאַנצע צייט צו שעפּטשען.

דעם גאַנצען חודש, וואָס זי איז געווען אין פּענסיאָנאַט, איז זי געווען כמעט אָבגעזונדערט פון אַלע און האָט זיך מאָד־נע, זעהר מאָדנע אויפגעפיהרט.

— דבורה'לע, קומען זי אין וואַלד אַריין.

— דבורה'לע, זי שפּיעלען אין „האַמער און גלאָק"?

נאָר דבורה'לע פלעגט זיך קאַטעגאָריש פון אַלע נערגע־ניגענס אָבזאָגען. נאָך יעדען עסען פלעגט זי זיך אַוועקלעגען אין האַמאַק אַריין, פערמאַכען די אויגען און פאַנטאַזירען וועגען די פונטען.

מיט יעדער שעה פלעגט זיך איהר דאַכטען, דאָס זי ווערט פולער, אָנגעשיטער און שווערער.

יעדען טאָג, נאָך יעדען עסען, פלעגט איהר אָנחאַפּען א

געוואלדיגער חשק צוגעהן וועגען זיך, וויסען וויפיעל ס'איז איהר צוגעקומען, אויף ווי וויים דער חשבון איז אוועק און אויף וויפיעל האבען זיך די ציפערן געהויבען. נאר זי האט בגוואלד יעדעס מאל איבערגעשטארקט זיך, גובר געווען דעם יצר-הרע, ניין... אזוי ארום וועט זיך פערלירען דער רושם. בעסער איז מיט אמאל! אומגעריכט, דעם לעצטען טאג, וועט דער סיור-פריז קומען! מיט איינמאל וועט זי זיך א שטעל טהון אויף דער וואג, דאס צינגעל וועט זיך בעוועגען און זי וועט אזש אליין איבערראשט ווערען! הונדערט מיט... ניין, צוויי הונדערט מיט... א קלייניגקייט? זי פיהלט דאך, ווי זי ווערט מיט יע-דער מינוט אנגעלאדענער, אויסגעפאשעטער און דיקער, דיקער... דאכט זיך, דאס זי קאן זיך שוין קוים ריהרען...

און דאס הארץ קלאפט אין איהר פון נייגיעריגקייט און אונגעדולד, אח, ווי זי וואלט שוין וועלען וויסען, ווי זי וואלט דאס א בעלן געווען. הא? אפשר זיך פארט אראבחאפען צו דער וואג?... און דאס הארץ קלאפט, טיאכקעט, די הענד ציטערען איהר אזש. זי פיהלט אפילו נישט, דאס זי ווערט בלאס פון הארץ-קלאפעניש און שרעקענדיגען ערוואטונגס-צושטאנד.

— ניין, ניין! — בעשליסט זי עקשנות'דיג. מיט אמאל וויל זי דעם איבערראשענדען ציפער דערזעהען!

— דארא, א גלאז מילך! — שרייט זי ארוים פון האמאק מיט א מין נצחון-שטימע.

געגעסען האט זי ס'רוב אהן אפעטיט.

— למען-השם, גארנישט איבערלאזען! — האבען עטליכע מוהמעס געשריבען אין די בריוועלעך צו איהר. און זי האט גע-פאלגט און אריינגעלעגט אין זיך. א רחמנות פלעגט זיין פשוט צו קוקען אויף איהר בשעת'ן עסען: אויף איהר פנים פלעגט דאן זיין אויסגעגאסען א מין ליידענדע זויערקייט, ווי א קראנ-קער בעת'ן רעצעפט נעהמען, ס'פלעגט איהר קאפויר שלאגען, פערקלעמ'ן אונטער'ן הארצען און — זי האט זיך גענויט, גע-נויט מיט געוואלד!...

„פון גענעצען און לאכען ווערט מען דיק" — האט זי איינ-

מאָל דערהאַלטען אַ בריעוועל מיט אַנ'עצה-טובה פון איהר שוועגערין, און זי האָט געפאָלגט. אַ גאַנצען טאָג פלעגט זי ליעגען אין האַמאַק און געגעצען פון לאַנגוויילינקייט, און פאַרנאַכט פלעגט זי זיך אַוועקזעצען צווישען אַ קרענצעל ווייבער פון פענסיאָנאַט, „באַוויזען" זיך און לאַכען, אונגעהויער-געוואַלדיג לאַכען...

גאַנץ אָפט פלעגט איהר שלאָף בײַנאַכט געשטערט ווערען פון פערשידענע בעאונרוהיגענדע חלומות. איינמאָל, למשל, האָט זי עפּעס אַ מאָרגעם, שרעקליכען חלום געהאַט. אַקוראַט געדענקט זי איהם נישט. עפּעס אַ פערפלאָנטערטער מיש-מאַש... זי איז דיק און גראָב, אונגעוועהנליך גראָב, זי ליעגט אויסגעצויגען בײַ זיך אין שטוב אין פּאָטעל מיט אַ בינטעל שליסעלעך אין האַנד און טרינקט אַ גלאָז קאַקאַאָ.,. די מוהמע זלאַטע האַלט איהר מיט בײדע הענד פעסט פאַר'ן האַלז און הוידעט זי, און שאָקעלט זי... זי חאַפּט זיך אָן פאַר'ן פאָרענטש פון פאָטעל, לאָזט זיך נישט און בעט זיך... נאָר די מוהמע זלאַטע הערט נישט און הוידעט און שאָקעלט שטאַרקער און שטאַרקער... און אַ שוויים בעשלאָגט איהר און זי מאַכט מיט די הענד און שרײַט: געוואַלד! געוואַ... גע!!

פון איהר געשרײַ זוענען זיך דיענסטען און קעלנער צונויפגעלאָפען אין איהר נומער. זי האָט געעפענט די אויגען און אַרומגעקוקט זיך מיט שרעק, אינגאַנצען איז זי געווען בעגאָסען מיט שוויים. זי האָט זיך דערמאָהנט אין חלום און געלאַכט, און פּלוצים איז איהר אײַנגעפאַלען, דאָס אויב זי האָט זיך שוין אויפגעחאַפּט אין מיטען דער נאַכט, זאָל עס האָטש נישט זײַן אומזיסט, און זי האָט זיך געהייסען דערלאַנגען אַ גלאָז מילך.

ווען איהר טערמין אין פענסיאָנאַט האָט זיך געענדיגט, האָט זי אַ גאַנצע נאַכט נישט געקאָנט שלאָפען. זי האָט פאַנטאַזירט, ווי אַזוי זי קומט אַהיים צופאָהרען, ווי אַלע בעגעגענען זי אויפ'ן וואָקזאַל און הויבען זי אָן אויסצופרעגען, וויפיעל זי האָט צוגענומען... און ווי זי שמייכעלט, זי וויל זיי נישט מיט אַמאָל אויסזאָגען אינגאַנצען און דערלעגט יעדעס

מאָל אַ פּונט, און ווי זי קאָן זיך שוין מעהר נישט איינהאַלטען און טהוט אַ שאָס-אַרוים מיט נצחון:

— פּופּצעהן!...

— האַ-האַ-האַ, צוואַנציג!

— טאַקי? צוואַנציג? צוואַנציג?

— האַ-האַ-האַ, נאָכמעהר! נאָכמעהר!!...

צומאָרגענס האָט זי זיך היים אָבגעזעגענט מיט אַלע געסט, בעפּויהלען דעם סטרוזש, ער זאָל איהר בריינגען די זאַכען צום וואָקזאַל און מיט אַ קלאַפּענדיג האַרץ, מיט אַ פּון שרעק-צוטומעלטען קאָפּ און ברייטע פליהענדיגע שפּרייזען, איז זי אַליין געלאָפען פאָראויס אַ היין, אין קאַנטאָר, פון וואָג.

אַז זי האָט זיך אַרויפגעשטעלט אויף דער וואָג, האָט דאָס קאַנטאָר-פריילין אויף איהר אַ קוק געטהון און געברומט:

— שטעהט גלייך, מאַדאַם, וואָס שאָקעלט איהר זיך אַזוי? איהר וועט דאָך מיר די וואָג צובּרעכען...

נאָר דבורה׳לע האָט אפילו נישט געהערט, וואָס מ׳רעדט צו איהר, עפּעס האָט איהר שרעקליך געזשומעט אין קאָפּ און אַלע אברים האָבען זיך ביי איהר געטרייסעלט.

דאָס פריילין האָט אַ ציה געטהון דאָס צינגעל, איינגעקוקט זיך דערין און אָנגעשריבען אויף אַ קוויטעל, זאָגענדיג אין אַ קאַלטען טאָן:

— דען 3/7 טען. הונדערט-און-אַכט נײַנציג מיט...

— וויפיעל?

— מיט צוויי לויט...

— וויפיעל? וויפיעל, האַ? וויפיעל, זאָגט איהר?... וויפיעל? וויפיעל? — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

———————

וואָס ווייטער איז געוועזען, איז שווער צו-ווי׳סען. לויט ווי די דאַטשניקעס דערצעהלען, האָט מען אויף איהר אַ פּאָר גלעזער וואַסער געגאָסען, ביז מ׳האָט זי דערמינטערט.

איין זאַך נאָר ווייסט מען יאָ.

פאָהרענדיג צוריק אַהיים אויף דער באַהן, האָט זי פון גרויס קרענקונג און עגמת-נפש אויך די צוויי לויט אָנגעוואוי-רען...

---

## V.

# „בערדיטשעווער" טעלעפאָן.

ווענן „בערדיטשעווער האָטעלען" האָט איהר דאָך געלייענט אודאי, און „בערדיטשעווער טראַמוואַי" טן-הסתם אויך, אויב איהר ווילט זיך אָבער בעקענען מיט'ן „בערדיטשעווער טעלפאָן", טאָ זייט זשע מוחל און חאַפט זיך אַראָב צו אונז קיין יוזעפאָוו אין דער „קאָלאָניע".

דער טעלעפאָן געהער צו אַ יוד, אַ חסיד, און בעשטעהט פון דריי אָבטהיילונגען, ס'הייסט, דריי טעלעפאָנען-סטאַציעס: אין יוזעפאָוו, אין שווידער און אין אָטוואָצק.

די "טעלעפאָניסטקעס", וואָס זיצען אויף די סטאַציעס און „פאָלאָנטשען" די נומערן, זענען דריי... הסיד'ישע יונגעלייט: איטשע מאיר פון יוזעפאָוו, משה פון שווידער און יאַנקעל פון אָטוואָצק.

אַז יאַנקעל פון אָטוואָצק, למשל, וויל פאָלאָנטשען פון דאָרט אַ נומער נאָך וואַרשא, מוז ער פריהער אָנקלינגען צו משה'ן פון שווידער, און משה פון שווידער צו איטשע מאיר'ן פון יוזעפאָוו און אַזוי כסדר, ביז דער נומער קומט-אָן בשלום אויפ'ן געווינשטען אָרט.

זעקס אַ זייגער אין דערפריה, ווען, למשל, די יוזעפאָווער טעלעפאָניסטקע, איטשע מאיר, הייסט עס, איז בודק די ציצית פון טלית, וואָס ער האָט גריבערגעוואָרפען איבער'ן אַקסעל און זאָגט "ברכות התורה", ווייזט זיך שוין פון ערגעץ אַ יודענע אין

אַ שלאָפּראָק, וואָס לויפט, אײַלענדיג, צו דער טעלעפאָן־ביוראָ, און שרײַט נאָך פון דערווײַטענס:

— פּרענדקאָ, פּאַניע איטשע מאיר! פּאָלאָנטשעט מיר!

ר' איטשע מאיר קרעכצט. אפילו אָבּראַווענען במנוחה לאָזט מען איהם נישט, שאָקעלט זיך גיך און ווײַזט מיט די הענד, פּרענענדיג אויף שטום־לשון:

— נו, אָ, נו? — וואוהין, הײַסט עס, דאַרף זי.

— קײַן וואַרשא, זאָג איך דאָך אײַך, זאָלט איהר מיר פּאָלאָנטשען.

— ע־הע! אַ נו? — וואָסער נומער, הײַכט עס, האָט זי גוטיג.

און תיכּף הויבען זיך שוין אויך אָן שיטען גאַנצע פּעק ווײַבּער און פרײַלײַנס פון די אַרומיגע ווילעס, און אַלע מיט אַזאַ אײַלעניש, מיט אַזאַ קאָלעניש, דאָס מ'קאָן מײַנען, מי יודע וואָסערע געשעפטען זיי האָבען.

— פּאַניע איטשע מאיר, פּאָלאָנטשעט מיר.

איטשע מאיר יאָגט אָב מיט אימפּעט דאָס ראַזוּנען, פרעגט דערווײַל אוים אויף שטום־לשון די נומערן, וועלכע ער פּיצרציי־לענט מיט אַ בלײַפעדער אין אַנ'אַלטען האלבּ־צוריסענעם קײַעט, און אָט לעגט ער אָב דעם טלית־ותפילין און נעהמט זיך צו דער מלאכה.

„פּאָ אָטשערעד" געהט עס. ווער עס קומט פריהער, דעם ווערט פריהער פּאָלאָנטשעט.

— סטאַציע? פּראָשע סטאָ זעראָ... שוין!

די ערשטע יודענע אין שלאָפּראָק זעצט זיך אַוועק און נעהמט די טרובּקע אין האַנד:

— קטאָ מאָווי? מענדעלי? דזען דאָברי. נו, וואָס מאַכ־סטו? סט'ארויסקומען אויף שבת? זאָלסט מיר, למען־השם, נישט פערגעסען מיטצוברענגען... האָ, וואָס? ו ר רעדט? האַ? מענדעלי? וואָ־אָ־ס?... פּאַניע איטשע מאיר! צאָ טאַקענאָ? ווער האָט עס איבערגעריסען?...

— טר־ר־ל־ל־ל!...

איטשע מאיר חאַפּט די טרובּקע:

— ווער רעדט? יאַנקעל פון אָטוואָצק? וואָס ווילסטו, וואָס? אַ נומער פּאָלאָנטשען? וואָס קריכסטו אַרײַן אין דערמיט, וואָס? ביזט קראַנק צו וואַרטען, ביז מ'וועט אָבריידען.

און איטשע מאיר נעהמט אויף ס'נײַ נאָכאַמאָל אָנדרעהען בײַ דער קאָלבע:

— סטאַציע? פּראָשע, סטאָ זעראָ... שוין.

— קטאָ מאָווי? מענדעלי? הערסטו, זאָלסטו נישט פּער־געסען די שבת'דיגע בלוזקע. אויף דער טהיר פון עס־צימער הענגט זי. און אַ שטריק צו דער הושראַזוקע, און — האַ? ווער רעדט עס דאָרט?

— וואָ־אָ־ס?... פּאַניע איטשע מאיר!

— טר־ל־ל־ל!...

איטשע מאיר טהוט אַ נעהם די טרובקע מיט כעס:

— ווער איז שוין ווידער דאָרט? האַ? משה פון שווידער? עוכר ישראל, וועסט אויפהערען דאָרט צו דרעהען די קאָלבע, צי נײַן? יונגאַטש, פּער'שרפה'ט זאָלסטו ווערען! וויפיעל מאָל מ'דאַרף דיך לערנען, דאָס אַז דו הערסט, אַז מ'דרעהט דאָ אויף דער סטאַציע, זאָלסט דו דאָרט נישט דרעהען!

פון דער טרובקע הערט זיך משה פון שווידער'ס קול, וואָס פּערענטפערט זיך:

— וואָס בין יאָך שולדיג, וואָס? אַז יאַנקעל פון אָט־וואָצק דרעהט צו מיר, מוז יאַך דאָך דרעהען צו דיר!

— זאָל עס אייך ביידע דרעהען און דרעהען אין די געדערים, האָט אייך אַכציג שוואַרץ יאָהר, לאָבוסעס! טפוי! — טהוט איטשע מאיר בײַז אַ וואָרף די טרובקע און נעהמט נאָכ־אַמאָל אָנדרעהען:

— סטאַציע? סטאָ זעראָ... נו, רעדט שוין אַמאָל אָב דאָרט!

וואָס ווײַטער אויפ'ן טאָג אַרויס, אַלץ גרעסער ווערט דאָס אײַנרייסעניש אין דער טעלעפאָן־ביוראָ, איטשע מאיר נעהמט שוויצען, זײַן קול ווערט נערוועז און הייזעריג, צווישען איין פּאָ־לאָנטשען און צווייטען שטעהט ער דערוויַיל מיט דער בלײַפע־

דער איִן האַנד און דעם קייַעט אויף דער שוים און פיִהרט בוכהאַלטעריע.

„האשה ב. מהוויִליע ג. האָט געערעדט היום ב׳ פעמים, וחייבה לשלם סך ק׳... הפאַנאַ ד. מהוויִליע ה. האָט געערעדט היום רק איין מאָל ואף על פי כן היא חייבה לשלם בעד ב׳ פעמים, מחמת זי האָט געערעדט יותר, וויפיעל מען דאַרף; ולהיפוך, האשה וו. מהוויִליע ז. אף על פי זי האָט געערעדט ב׳ פעמים, חייבה לשלם רק בעד איין מאָל, כי ביי׳ם ערשטען מאָל האָט מען איהר איבערגעריסען״.

דער געפּילדער און ליארם איִן דער טעלעפאָן-ביוראָ ווערט איבערהויפּט גרויס דאָנערשטאָג און פרייטאָג, ווען די ווייבער האַלטען איִן איין טעלעפאָנירען קיין וואַרשא וועגען פיש און געגז און בלוזקעס לכבוד שבת. די „סאַלמישעס״ און „ריִוטשעס״ די „פאַנעס״, הייסט עס, בעשטעלען ראַנדעוואוען און שמועסען זיִך דורך מיִט די קאַוואַלערען, און היות ווי די געוואַלדיגע ריידעניש און טעלעפאָן-קלינגעניש קומט-פאַר אויך אויף די איבעריגע סטאַציעס, אי איִן אָטוואָצק, אי איִן שווידער, קומען דאַן טאַקי אַרויס די שרעקליכסטע „פּישיפּאַרקעס״. די דיסציפּליִן ווערט לגמרי פערגעסען; יאַנקעל פון אָטוואָצק פערפּלאָנטערט זיִך מיִט משה׳ן פון שווידער און זיי ביידע ווערען פערטשעפּעט און פערדרעהט מיִט איִטשע מאיר׳ן פון יוזעפאָוו. עס ווערט אַ מיִש-מאַש און אַן עירוב-פרשיות. די יודענע, וואָס פרעגט זיִך אָן איִן וואַרשא: „ווי טייער זענען פיִש״? בעקומט אַן ענטפער: ער וועט אויף איהר וואַרטען פאַרנאַכט איִן סווידערער וואַלד, און די פאַנאַ וואָס קלינגט צום חתן: ״צאָ סליִחאַטש, מאַקס?״ קריגט אַ תשובה: „צוויי גילדען מיִט צוואַנציג גראָשען אַ פונט טויטע״...

אודאי קעהרען זיִך דאַמאָלס מעשים, מען שרייט און מען קוויטשעט, די יעלות דער-רייכען ביז׳ן זיבעטען היִמעל, אז איין גאָט זאָל שומר ומציל זיין!

ערשט אַרום צוועלף אַ זייגער ביינאַכט, ווען די „קאַטשקעס״ שלאָפען שוין און איִן די טעלעפאָן-ביוראָ׳ס ווערט רוהיג און שטיל, קומען דאַמאָלט יאַנקעל פון אָטוואָצק און משה פון שווי-

דער אַראָבצופאָהרען צו זייער חבר קיין יוזעפאָוו, און אַלע דריי טעלעפאָניסטקעס זעצען זיך אַרוים אין דרויסען אָטעמען אַ ביסעל פרישע לופט.

אַ מחיה איז דאָן פשוט אַ קוק צו טהון ווי פריינדליך און גוט ברודערשאַפט זיי פערהאַלטען זיך דאַמאָלט איינער צום צווייטען, מען פערגעסט די קללות און זידלערייען, וואָס מ'האָט זיך מכבד געווען איינס ס'אנדערע אַ גאַנצען טאָג דורך די טעלעפאָנען-טרובקעס, מען ציהט זיך אוים אויפ'ן טוי-בערעקטען גראָז, ביי אַלעמען זענען די העמדער פייכט, די העלזער הייזעריג, און מען זיפצט צווישען זיך שטיל אויף דער שווערער האָרעוואַניע.

— דאָס געדולד קאָן דאָך פּלאַצען אויסצושטעהן זייערע אַלעמענס קאַפּריזען! — ברומט מיט ערביטערונג איטשע מאיר פון יוזעפאָוו.

— אַ גאַנצען טאָג אין מויל נישט געהאַט — מרוקעט ביי'ז משה פון סווידער.



און דער דריטער וואָרטשעט:

— צו אַלדי שוואַרצע יאָהר. נויטיג געווען צו דאַרען זיך דעם מוח און אויסקלערען אַ טעלעפאָן-דרעהעניש אויף דער וועלט!...

# אַהיים, אַהיים!...

(אַ סצענקע.)

---

פ ע ר ז א נ ע ן:

אַ קליין יודעל.
אַ הויכע יודענע.
אַ דיקע יודענע.
נאָך אַ יודענע.
מאַדאַמען.
העהנער.
אינדיקעס און שאר־ירקות.

קומט פאָר אין יעדען סעזאָן אויף די דאַטשעס די בכל אתר ואתר.

---

אַ קליין יודעל (מיט צוויי בלעכען מילך אין די הענד, לויפט האסטיג צו צו אַ ווילליע, וואו ס'שטעהען שוין צונויפגעקרענצעלט א רעדעל קרעמער און קרעמערקעס): וואו איז זי, די וואַרשאווער גולל וסובא'ניצע! נישטאָ נאָך?...

אַ הויכע יודענע (מיט אַ פערמאַכט קיישעל אין האנד, פון וואנען ס'הערט זיך אַ געקוואָקעריי פון העהנער און קורטשיקעס): אויסקרענקען, רבונו של עולם! זאָל זי מיינע יונגע קורטשיקלעך, וואָס

כ׳האָב איהר געשטאָפּט גאַנצע פיער וואָכען. אַזאַ וואַרשאָווער הולטייקע!...

אַ דיקע יודענע (אין אַ לאַנגען פּעט-אויסגעשמירטען פאַרטוך. אין ביידע הענד — צוויי אינדיקעס): האַ? אַנ׳אָנשיקעניש! אַנדערש שטעהט זיי נישט אָן די גע׳שמד׳טע העלזער... געגזעלעך, פּיפּ-קעס, מעגעלעך, גוטע יאַכעלעך... דלפּונים! דליתים! איין גראָשען נישט בעצאָהלט נאָך. וואָס זאָגט עטץ נישט צו דעם אומגליק! זי האָט דאָך מיר דעם מאַיאָנטעק אויפגעכרעסען!...

נאָך אַ יודענע (מיט אַ קאָשיק אייער אין האַנד, לויפט כאַ-פּענדיג אין איין אָטעם און דערגעהנטערט זיך ביכלעכוויז צום רעדעל): אַ בייזע, אַ וויסטע, אַ פינסטערע חאָלערע!... בהמות! פערד! נאַראָנים! וואָס שטעהט איהר דאַ!... ביי די באַהן איז זי דאָך! ביים וואָקזאַל! זי פאָהרט דאָך באַלד אַוועק. וואָס שטעהט איהר?... בהמות! פערד!...

(לאָזען זיך אלע גאלאָפּ — צו דער באהן).

— אַ שוואַרצען סוף וועלען מיר פון איהר מאַכען!...

די העהנער (פון קיישעל ארויס): קו-קעריקו!

די אינדיקעס (פּאָלקאָם איינשטימיג): האָלדרי האָלדרי!

— די אויגען אויסדראַפּען!

— די קידלעס האָהר אויסשרויפען!

— דאָס פנים צוטרייבערען!

— די זייטען אונטערהאַקען!

— קו-קע-רי-קו!

— האָלדרי, האָלדרי!

— מיין פּראַצע!

— מיין האָרעוואַניע!

— מיין בלוט!

— מיין שוויים!

— מיין גאַנצען מאַיאָנטעק!

— קוקעריקו, האָלדר-ר-רי!

— אַ בייזע, אַ וויכטע, אַ פינסטערע חאָלערע! אָט, אָט שטעהט זי דאָרט!... אַהער, עולם, אַהער! וואָס שטעהט איהר!...

— זעהט נאָר — דעם דרײַ שטאָקעדיגען הוט!
— דעם ברייטען שירם!
— די זײַדענע בלוזע!
— אַהער, אַהער!
(לאָזען זיך אלע צו דער מאדאם. די מאדאם ווערט ארומגערינגעלט, פלוצים, פון אלע זייטען, זי פרובט זיך ארויסצודרעהען און לויפט ארײַן אין וואקזאל, חברה נאָך איהר... דער צוג קומט אָן).

דאָס קלײנע יודעל (לויפט פאָראויס): מאַדאַם! פאַר פיער וואָכען מילך קומט מיר...

הויכע יודענע: מאַדאַמישי! דרײַ היהנער, זעקס קורטשיקלעך, אַ גענזעל, אַ גאַנץ גענזעל און...

דיקע יודענע: מאַדאַם-לעב! דאָ האָט די מאַדאַם אַ צעטיל: אָט אַזוי פיעל פיפקעס, אָט אַזוי פיעל מעגעלעך, אָט אַזוי פיעל פיערטעלעך גענז, אָט אַזוי פיעל אין די יויך אַרײַן... מאַדאַם-לעב, מײַן גאַנץ מאַיאָנטעק!...

די מאַדאַם (בלאס, אויפגערעגט, קוקט זיך ארום פון אלע זײַטען, זוכט אַנ׳אויסוועג...): כ׳האָב נישט בײַ זיך קײַן קלײַן געלד... שעמען מעגט איהר זיך אַזוי צו בעהאַנדלען אַ ליעטניק... נישקשה, מ׳ווייסט, דאַנקען גאָט, ווער כ׳בין!... כ׳וועל אײַך אָבשיקען ביז אַ גראָשען, פע, שעמען מעגט איהר זיך!...

נאָך אַ יודענע (לויפט צו מיט׳ן קאָשיק אײערע צו דער מאדאם, קריכט איהר נאָך): שעמען מעגט איהר זיך!... אײערע האָבען זי געפרעסען, מאַדאַמישי? פוטער האָבען זי געפרעסען, מאַדאַמישי? קעזעלעך האָבען זי געפרעסען, מאַדאַמישי? בהמות, פערד, וואָס שטעהט איהר!...

די העהנער: קו-קע-ריקו!

די אינדיקעס: האָלד-ר-רי! האָלדרי!
(ס׳הערט זיך דער דריטער קלונג).

די מאדאם: (רײַסט זיך ארויס און לויפט געשווינד ארײַן אין א וואגאָן, חברה — וויל נאָך).

זשאַנדאַרם: הע, קודא? קודא? בילעט!...
(די באהן ריהרט זיך).

אלע (לויפען צוטומעלטע, שרייען, געוואלדעווען).

— פאר פיער וואָכען מילך!

— דריי היהנער, זעקס קורטשיקלעך, א געניזיל, געוואלד!

— פיפקעס, גערגעלעך, מעגעלעך, יאַכעלעך. מיין גאנצען מאיאָנטעק!

— א ביינע א וויסטע חאָלערע! אייער, קעזלעך, פוטער! פערד, בהמות, וואָס שוויינט איהר!...

— ווארשאווער פרעסערין!

— אָנגעבלאָזענער בויך!

— הולטייקע!

— דארמאָיעדניטשקע!

— פרעסקאַלב!

— גראָבע מאָרדע!

— לאנגער פיסק!

— קו-קע-רי-קו!

— האָלדר-ר-רי!

(די באַהן דערווייטערט זיך און לאָזט ארויס אַ לאנגען פייף)...



# וויכטיג פאַר וואַרשוי און איהרע פּראָווינצען.

אויסער העבּרעאישע און יודישע בּיכער, פון וועלכע דער אויסוואַהל איז אַזוי גרויס, אַז עס איז כמעט נישטא קיין איין בוך, סיי אַנ׳אַלט און סיי אַ נאַר-וואָס ערשינענעס, וואָס מען זאָל עס נישט קריגען בּיי אונז אין בּוכהאַנדלונג — האָבּען מיר אין אַ גרויסען אויסוואַהל דייטשע, פראַנצויזישע, פּוילישע און רוסישע בּיכער און לעהר-בּיכער, ווי אויך בּיכער מיט אַ יודישען אינהאַלט אין פרעמדע שפּראַכען, ווי צ. ב. יודיש-דייטשע, יודיש-פּוילישע און יודיש-רוסישע (יודאאיקאַ).

בּעזונדערס האָבּען מיר רוסישע לעהר-בּיכער אין אַ גרויסען אויסוואַהל פאַר דער שטודירענדער יוגענד פון וואַרשוי און איהר אומגעגענד. אויסערדעם האָבּען מיר אַלע רוסישע קלאַסיקער, סיי פון דיכטער, סיי פון בּעלעטריסטען און קריטיקער: גאָגאָל, טורגעניעוו, דאָסטאָיעווסקי, גאָנטשאַראָוו, גריבּאָיעדאָוו, טאָלסטאָי, פּושקין, לערמאָנטאָוו, ניעקראַסאָוו, קאָלצאָוו, זשוקאָווסקי א. אַנד. פון די שפּעטערדיגע — נאַדסאָן, פ. י. און אַנדערע; פון קריטיקער — בּעלינסקי, פּיסאַרעוו און אַנדערע.

בּיכער פאַר געשאַנקען, אויף פרעמדע שפּראַכען, אין מאָדערנע פּראַכט-בּענדער, צו די סאַמע מעסיגסטע פּרייזען.

בּיכער-געשאַנקען פאַר קינדער, אויף פרעמדע שפּראַכען, אין גרויסאַרטיגע פּראַכט-בּענדער.

אַ גרויסער אויסוואַהל פון די סאַמע נייעסטע אויסגאַבּען, פון 15 קאָפּ. פּער שטיק בּיז 5 ר׳.

זעהר אַ גרויסער אויסוואַהל פון מעשה׳ליך פאַר קינדער אין רוסיש, פּויליש און דייטש, מיט אילוסטראַציעס, אויף גרויסאַרטיגען פּאַפּיר און אין מאָדערנע פּראַכט-בּענדער.

---

# אין דאָרף

פון

# דוד קאַסעל.

דאָס בוך „אין דאָרף" איז אַ גרויסע שילדערונג פונ'ם יוּ־דישען דאָרף־לעבען, פון וואַנען דער יוד ווערט וואָס ווײַטער אַלץ מעהר און מעהר אַרויסגעשטויסען. אָבער דאָס דאָזיגע דאָרף־לעבען איז אין דעם בוך בלויז אַ פאָן, אויף וועלכען עס ווערט קינסטלעריש געצייכענט אַ מאָדערנער ראָמאַן. דער ראָמאַן איז אונגעהויער אינטערעסאַנט, רײַך אין שטימונגען און נײַ, און צוגלייך דערמיט ווערען העכסט קינסטלעריש געשילדערט די דאָרפישע לאַנדשאַפטען, ווינטער, אין ליטא, וואָס דאָס איז אַזוי זעלטען אין דער יודישער ליטעראַטור. דער לעזער וועט דאָ דערפיהלען דעם ריח פון שניי, די חמאַרנע קורצע ווינטער־טעג אין ליטאָ, די ברייטע שווייגענדיגע פעלדער און דערבײַ דער אינטערעסאַנטער שטימונגס־פולער ראָמאַן, וואָס לאָזט נאָך זיך איבער אַ טיפען און אַ שטאַרקען רושם. אַזאַ בוך, וואָס איז גאָר נײַ לויט זיינע שטימונגען און פאָרם, וועט אָהן אַ ספק זײַן אַ צירונג אין דער יודישער ליטעראַטור. אַרויסגעגעבען איז דאָס בוך אויף גוטען פאַפיר און פערזעהן מיט אַנ'אייגענע שענעם פאָדערבלאַט. 12 דרוק־בויגען.

פרייז 75 קאָפּ.

# ערצעהלונגען און בילדער

פון

**מ. ווייסענבערג.**

די „בילדער און ערצעהלונגען“ ענטהאלטען אין זיך די סאמע לעצטע ווערק ווייסענבערג׳ס. יעדע ערצעהלונג, יעדעס בילד איז א קלאסיש ווערק אין עכטען זין פון ווארט. דער בעליעבטער שרייבער האט ארייננעגעבען אין דעם דאזיגען בוך בעזונדערס הארציגע זאכען, געשליפענע, געטאקטע און העלסט־קינסטלערישע, אט די אלע גרויסע מעלות זיינע, פאר וועלכע ער איז מיט רעכט אזוי בעליעבט ביים לעזענדען פובליקום.

ווייסענבערג׳ס רייכער פינזעל האט דא נישט געקארגט קיין פארבען און דער לעזער וועט זיך געפונען אין א פאנאראם פון בילדער און טיפען, וואס וועלען איהם בעציובערן און לאנג אבקלינגען אין זכרון.

געדרוקט איז דאס בוך אויף גוטען פאפיר און פערזעהן מיט א שענעם איידעלען פארערבלאט.

**פרייז 75 קאפ.**